# לייענביכער פאַר דער אידישער שול

## דאָס דריטע לייענבוך

צוזאמענגעשטעלט פון

י. שטיינבוים

באַציירונגען פון
א. גודלמאַן

צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע

פאַרלאַג „ערציאונג" — ניו יאָרק, 1927

הויפטפאַרקויף ביים פאַרלאַג פון

מאַקס נ. מייזל, 424 גרענד סטריט, ניו יאָרק.

# לייענביכער פאַר דער אידישער שול

## דאָס דריטע לייענבוך

## אינהאַלט:

זייט

# עפנט טירן

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענסטער, ברעכט זיי אויס;
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן —
קומט אַנטקעגן אים אַרויס.

ס'איז היינט יום־טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום;
ס,איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר, ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טייך — ווי שרייט און ברומט;
הערט נאָר פייפן, הערט נאָר סוויסטשען —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

פרץ מאַרקיש.



# די ערד דרייט זיך ניט



ע נ י און יודי זיינען געווען חברים אינגלאַך, וואָס האָבן ליב געהאַט יעדע זאַך פאַרשטיין און אליין דערגיין מיטן שכל, וואָס און ווי אַזוי טוט זיך אַלץ אויף דער וועלט .

אָפּט פלעגן זיי כאַפּן א מיאוס׳ן פּסק פאַר זייער וועלן אַליין דערקלערן און אויספאָרשן. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. אַזעלכס טרעפט זיך אויך מיט גרויסע. גרויסע האָבן נאָך גרעסערע צרות פאַר זייער וועלן וויסן אַלצדינג. און בעני און יודי האָבן זיך ניט איבערגעשראָקן פאַר די שמיץ, וואָס זיי פלעגן אָפּט כאַפּן פאַר צענעמען דעם וואַנט-זייגער, אָדער פאַר אויפרייסן די ספּרונזשינעס פון דער ווייכער שטול, וואָס שטייט ביי יודים עלטערן אין זאַל, און נאָך פאַר אַזעלכע זאַכן. אדרבה, דאָס האָט זיי צוגעגעבן נאָך מער חשק זיך צוצוקלייבן ווען ניט איז אויך צום גראַמאָפאָן-קעסטל, וואָס ביי בענים עלטערן, און א קוק טאָן, וואָס דאָרט טוט זיך. דאָס אַלטע שפּיל-קעסטל האָבן זיי שוין לאַנג צעשרויפט און צעדרייט און אָפּגעכאַפּט זייער ערלאַך אויסקומעניש פאַר דער אַרבעט, נאָר דאָס איז אַלץ בלאָטע. דער עיקר איז, ווי אַזוי שטעלט מען אויף צוריק אָט

די רעדלאך, זיי זאָלן זיך ווידער דרייען און שפּילן? און וואָס מיינט איר, זיי וואָלטן ניט דערגאַנגען דעם סוד? קאָנט איר ניט בענין און יודין. אז זיי וואָלטן וועלן, וואָלטן זיי געקאָנט. נאָר זיי האָבן ניט געוואלט, ווייל זיי זענען פלוצלונג פארנומען געווארן מיט אן אנדערער זאך.

און געווען איז די מעשה אזוי: איינמאָל איז זיך יודי געזעסן אין שטוב. בעני איז גראָד ניט געווען מיט אים. פּלוצלונג הערט ער, ווי אין צווייטן אלקער דערציילט דער לערער זיין שוועסטערל כייקען, אז די ערד דרייט זיך. האָט יודי צוערשט געמיינט, ער האָט א טעות, ניט איינגעהערט. איז אָבער ניין. דער לערער דערציילט ווידער אַמאָל בפירוש דאָס אייגענע: די ערד דרייט זיך! אָט האָסטו דיר א נייס!

איז יודי ארויסגעקראָכן פון אונטער דער קאַנאַפּע און איז אוועק צו זיין עלטערן ברודער יאָנין.

— יאָני, דער לערער זאָגט: די ערד דרייט זיך!

— וואָס דען, זי דרייט זיך ניט? אודאי דרייט זי זיך!

— האָט יאָני געענטפערט.

יודי איז געווען שרעקלאך איבעראַשט און איז זיך אוועק צו זיין בענין און אים דערציילט די נייס. בעני איז אויך געווען איבעראַשט: וואָס הייסט? אָנו לאָמיר קוקן. — האָט מען געקוקט און געקוקט, ניין, מ׳זעט ניט. איז מען ביידע אַוועק צוריק צו יאָנין: די ערד דרייט זיך ניט! מען זעט ניט! האָט זיי יאָני גענומען דערקלערן און דערווייזן פון א ראיה מיט אַ שיף אויפן וואַסער און מיט בערג און מיט הימל — נאָר דאָס אלץ האָט זיך זיי עפּעס ניט געלייגט אויפן שכל;

און ביידע חברים האָבן באַשלאָסן ביי זיך צו דערגיין די זאַך. האָט מען פאַרוואָרפן אַלע אַרבעט און נאָר געקלערט, ווי אַזוי מען קען זען, ווי די ערד דרייט זיך.

איז בעני געפאַלן אויף אַן המצאה: שאַ, איך ווייס! אַט לאָמיר לויפן אין אַ ראָד לאַנג־לאַנג, וועלן מיר זען! איז מען געלאָפן אין אַ ראָד, אַרומגעיאָגט, ביז דער קאָפּ האָט זיך פאַרדרייט. דעמאָלט איז מען געבליבן שטיין, געפאַלן פון די פיס, זיך אָנגעכאַפּט איינער פאַרן צווייטן און געשריען: ס׳דרייט זיך! ס׳דרייט זיך! אָבער באַלד איז מען ווידער אַריינגעפאַלן אין ספיקות: ס׳אַ משל! ס׳גאָר דער קאָפּ דרייט זיך, אָבער די ערד ניט. וואָרים ווען די ערד זאָל זיך דרייען, וואָלט דאָך שוין אונזער שטוב באַדאַרפט שטיין אויף אַן אַנדער אָרט!

— אַודאי...

איז אונטערגעשפּרונגען יודי:

— שאַ, אַט איך וועל דיר ווייזן! קום!

און ער האָט אָוועקגעפירט בענין אין קיך אַריין; דאָרט איז געשטאַנען אַ צעבער מיט וואַסער.

— זעסט, — האָט יודי גע׳טענה׳עט, — אַז מיר זאָלן, למשל, דרייען דעם צעבער, וועט זיך אויסגיסן דאָס וואַסער, צי ניין?

— לאָמיר פּרואוון, וועלן מיר זען.

— ס׳גיסט זיך אויס! — האָט בעני אויגעשריען מיט שמחה, — זעסטו. ווי באַלד אַזוי, ווען די ערד זאָל זיך

דרייען, וואָלט דאָך דער טייך זיך אויך געדאַרפט אויסגיסן?
האָ, ניט אזוי?

אָבער די רגע איז אריין דאָס שטוב-מיידל מיט א בעזים אין האַנט און געגומען טרייבן און שמייסן יודין און בענין פאַרן ליאַפּ, וואָס זיי האָבן אָנגעמאַכט אין קיך. אבער יודי און בעני האָבן געמאַכט פּליטה און אוועק צום טייך, זען צי ס'גיסט זיך אויס, צי ס'ווערט צעכליאַפּעט דאָס וואַסער פונם דרייען, וואָס די ערד דרייט זיך.

דער טייך איז געווען רואיק און גלאַט ווי אַ שפּיגל.

— נו, דו זעסט? ס'אַליגן! די ערד דרייט זיך ניט. ווי אזוי קאָן זיך די ערד דרייען? — האָט בעני גע'טענ'עט, און יודי איז ווידער געפאַלן אויף אַ געדאַנק: ניין, מען דאַרף אויספּרואוון אַקוראַט. מען דאַרף דערוויייזן יאָנין אז ס'אַליגן.

— ווייסטו וואָס? — האָט בעני געזאָגט, — קום אויפן באַרג. אפשר וועלן מיר פונם באַרג זען.

איז מען אָוועק צום באַרג וואָס שטייט דאָרט אויסערן שטעטל. מען איז געווען שטאַרק פּאַרפּאַליעט און פאַר-טראָגן. זיי האָבן פאַרגעסן אָנם ווארימעס ,אָנם חדר, אָן אַלץ. שווער איז אָנגעקומען אביסל דאָס קריכן אויפן באַרג דורך די בודיקעס און שטעכלקעס, אַז אָפטמאָל איז מען שיר ניט אַראָפּגעפאַלן פונם שפּיץ, וואָס איז געווען זאַמדיק און זיך געשאָטן אונטער די פיס; סוף כל סוף האָט מען זיך, ווי ניט איז, אַוועקגעשטעלט אויף אַ שטיקל האַרטער ערד און גענומען קוקן.

— דו זעסט? — פרעגט בעני, — ס'דרייט זיך?

— ניין, איך זע ניט, — ענטפערט יודי.

— איך אויך ניט! — זאָגט בעני.

— ס'אַליגן און מער ניט! — שרייט יודי, — די ערד קאָן זיך ניט דרייען. ווען זי זאָל זיך דרייען, וואָלטן מיר דאָך געפילט אונטער די פיס, וואָלטן מיר דאָך אומגעפאלן, הא, ניט אזוי?

— אַודאי! — האָט בעני גע'פסקנ'ט, — קום שוין אהיים. איך בין הונגעריק.

געקומען זיינען זיי שפעט, הונגעריק, מיד און אויסגע־שמירט און פול מיט שטעכלקעס. אין דער היים האָט אויף זיי געוואַרט אַ פיינער ברוך הבאָ...

— וואו זייט איר געווען? די גאַנצע שטאָט איז מען אויסגעלאָפן זוכן אייך! — האָט יודים מאַמע געשריען, — זע, אַ אינגעלע האָט זיך אויסגעשמירט? מירן דיר שוין צושטעלן א בענקעלע פארן רבי'ן.

יודין איז שוין ניט איינגעגאַנגען דאָס וואָרימעס, וואָס איז געווען קאַלט און אָן טעם, און ער האָט מורא געהאַט זיך ווייזן פאַרן טאַטן, פאַרן רבין. בעני האָט נאָך ערגער אָפּגעשניטן. ער האָט אַ גאַנצע שעה געוויינט פאַר בזיון און ווייטיק.

— אויף מאָרגן האָט מען זיך גענומען צו דער פראַגע:

— יאָני, די ערד דרייט זיך ניט! מיר האָבן גע־פּרואווט! — האָבן זיי מיט ניצחון געזאָגט צו יאָנין.

— גייט, שוטים! אַז ס'שטייט געשריבן אין דער געאָ־גראַפיע! — האָט יאָני אָנגעשריען אויף זיי.

— שאַ, ווייסט וואָס ? — האָט יודי צו אים געזאָגט, — אָט וועל איך דיר באַווייזן, בעני, קום !

און ביידע חברים זיינען אַרוים אין דרויסן, מיטגעכאַפּט מיט זיך יאָנים ניי קאַמישן שטעקעלע. יאָני איז שוין געווען אַ גרויסער, האָט ער זיך געקויפט אַ קאַמישן שטעקעלע, זייער אַ שיין, דין שטעקעלע.

— יאָני, זעסט ? — האָבן זיי צו אים דורכן פענסטער געשריען.

— לאָז צורו — האָט זיך יאָני אויסגעבייזערט און פאַרטיפט אין ביכל, וואָס ער האָט געלייענט ביים פענסטער.

יודי האָט גענומען דאָס שטעקעלע און אַריינגעשטעקט אין דער ערד.

— אָט, זעסטו, בעני ? ס'דרייט זיך ? — האָט ער מיט אַ געלעכטער געפרעגט.

— אַודאַי ניט ! ס'אַליגן ! — האָט אים בעני אונטער־געהאַלטן.

— נאָך אַ מין ליגן ! — האָט יודי צוגעגעבן, — ווייל פאַרוואָס, אַז עס דרייט זיך אַ ראָד און איך שטעק אַריין אין איר דאָס שטעקל, ווערט דאָס שטעקל צעבראָכן, און דאָ ניט ? ווען די ערד זאָל זיך דרייען, וואָלט דאָך דאָס קאַמישן שטעקעלע זיך אויך באַדאַרפט צעברעכן ? האַ, ניט אַזוי ? אָט פאָרט אַביגדור דער וואַסער־פירער, וועל איך עס דיר שוין דערווייזן.

און ווי אַביגדור איז אונטערגעפאָרן, האָט יודי אַריינ־

גערוקט דאָס שטעקעל צווישן די שפּיצעס פון ראָד — און מיטאַמאָל:

— קנאַק, קנאַק, קנאַק!....

— דאָס קאַמישן שטעקעלע! דאָס שטעקעלע! — האָט יאָני אַ טויטער אויסגעשריען, בעת ער האָט דערהערט דעם קנאַק, אויפגעהויבן די אויגן און דערזען זיין שטעקעלע ליגן צעבראָכן אויף דרייען. ער איז אין אַ ווילדן כעס אַרויסגע־שפּרונגען דורכן פענסטער און גענומען זיך פאַר די צוויי פאַרשער...

צעשלאָגענע זיינען דערנאָך ביידע חברים געזעסן הינ־טער דער קלויז אויף דער ערד און געווישט די טרערן פון די אויגן.

— אָבער איצט זעסטו שוין, אַז די ערד דרייט זיך נים!

— האָט יודי כליפּענדיק גע'טענ'עט.

— אודאי, — האָט בעני אונטערגעהאַלטן מיט אַ זייד־ענדיקן שלוקערץ, — אודאי דרייט זי זיך נים...

ד. ב. סלוצקי.



# אַנהייב פרילינג

דער הימל ריין, דער הימל בלוי,
עס שימערט און עס שיינט;
און פרעמדע מענטשן גריסן זיך
אַזוי ווי גוטע פריינט.

די גאַס איז פול מיט קינדערלאַך,
מען טאַנצט ביי יעדן הויז;
און פון אַ פענסטער שמייכלענדיק
אַ מוטער קוקט אַרויס.

ס'איז שיינענדיק און לעבעדיק,
און טומלדיק אַרום;
אין מיטן גאַס צוויי שפּערלינגלאַך,
צוויי קליינע טאַנצן אום.

— צווי־טשיר, צווי־טשיר, מיין טייערע,
ס'איז פרילינג, וואָס זאָגסטו?
— געוויס, מיין ליבער, — צווויטשערט אויך
זיין חבר'טע אים צו.

און ביידע אויף דער מיטן גאַס
צופרידן טאַנצן אום.
ס'איז לעבעדיק און טומלדיק
און שיינענדיק אַרום.

נחום י.

# דאָס בלינדע אינגל



ער הימל איז בלוי?

— יאָ, מיין קינד!

ער איז געווען אַ בלינדער. ער האָט אָבער אַמאָל אויך געזען דעם בלויען הימל און די שטראַלן, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט; און איצטער, אין זיין בלינדקייט, האָט ער זיי נאָך מער ליב באַקומען.

— דער הימל איז בלוי?

— בלוי, מיין קינד.

אַרום אים איז געווען פינסטער.

— וואָס ברענט עס מיך אין קאָפּ, מוטער?

— די זון, מיין קינד.

ער האָט אויסגעצויגן די הענטלאַך אין דער הייך — צו דער זון, ווי וועלנדיק אַרומנעמען די וואַרימקייט פון די שטראַלן מיט זיינע אָרימס.

— זון! זון! זון!

ער האָט זיך געריסן פון אָרט מיט די אויסגעשטרעקטע הענטלאַך אין דער הייך, ווי גרייט, ווען ער זאָל פליגלען האָבן, אַוועקצופליען.

ער האָט דאָך דאָס אַלץ געהאַט גערן: דעם הימל, די זון, די שטראַלן, מיט וועלכע ער פלעגט ליב האָבן שפּילן אין „כאַפּעניש“. דאָס איז דאָך אַלץ געווען אַזוי שיין — און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זעט ער דאָס ניט ווידער.

אַרום אים איז אַלץ פינסטער, און שטענדיק וועט עס אַזוי זיין?

— מוטער, איצט איז פרילינג?

— פרילינג, מיין קינד.

— ווי פאַריקעס יאָר?

— געווים.

פאַריקעס יאָר זיינען זיינע אויגן אָפן געווען.

— און ווי פאַריקעס יאָר שטייען די ביימער איצט מיט ווייס בליעכץ?

— געווים, מיין קינד.

די מוטער האָט אים געגלעט איבערן קעפּל און געדריקט צו איר ברוסט זיין געזיכט.

אַרום האָט געבליט דער גאָרטן. דאָס גראָז איז שוין גוט גרין געווען און אַלערליי פאַרביקע בלימעלאַך האָבן זיך דערהויבן מיט זייערע קעפּלאַך.

ער האָט דאָס אַלץ ניט געזען: ניט דאָס גרינע גראָז, ניט די פאַרב פון די בלומען. ער האָט אָבער געשפּירט, אַז זיי זיינען דאָ, נאָר ער זעט דאָס ניט. און פאַרוואָס?

זיי זיינען געזעסן ביים ברעג טייכל, וואו ער פלעגט יעדעס יאָר, אין דער זעלביקער צייט, זיך שפּילן אין זאַמד און שליידערן שטיינדלאַך אין וואַסער. ער פלעגט ליב האָבן צו הערן דעם אָפּקלאַנג און דאָס שטילע מוזיקאַלישע שפּ־טשען פון די פאַרביישווימענדיקע וועלן.

— מוטער, גיב מיר אַ שטיינדל.

זי האָט זיך איינגעבויגן צום ברעג און אים דערלאַנגט אַ וואַסער קעפּל.

ער האָט אָנגעשטעלט זיין געהער: פון וועלכער זייט דאָס וואַסער רוישט, און זיך געצילט.

ער האָט געהאַלטן אָנגעגרייט זיינע בלינדע אויגן, געוואָלט כאַפּן פונקט דאָס אָרט, וואו דער שטיין איז אַרונטערגעפאַלן. עס האָבן אָבער קוויטשענדיק אָפּגעהילכט פּלומקענדיקע וואַסער-טראָפּנס, נאָר געזען האָט ער גאָרניט.

אַרום אים איז געווען פינסטער.

— מוטער, האָבן זיך אויפגעהויבן וואַסער-טראָפּנס אין לופטן? האָבן זיך געבילדעט רעדעלאַך אינם וואַסער?

די מוטער האָט אים שווייגנדיק געדריקט צו זיך און דאַן געענטפערט:

— געוויס.

— ווי האָבן זיי אויסגעזען, מוטער, ניט ווי פּערל?

ער האָט אַמאָל געזען פּערל. אויף זיין מוטערס האַלז זיינען זיי געהאַנגען, אַ מתנה פון פאָטער.

זי האָט אים געוואָלט ענטפערן: „ווי טרערן", ווייל אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטן.

ער האָט זיך מיט זיין קליינעם גופ'ל געטוליעט צו איר, געגלעט אירע הענט, דאָס געזיכט: „ווי זעט עס אויס?" און אָנגעטאַפּט די פייכטקייט.

— וואָס איז דאָס, מוטער? דו ווינסט?

די פרוי האָט זיך באַמיט צו שמייכלען און איינצוהאַלטן די טרערן, נאָר ענטפערן האָט זי קיין כוח ניט געהאַט.

— וויין ניט, מוטער!

ער האָט זיך דערשפירט ניט גוט: פאַרוואָס וויינט די מוטער?

ער האָט דערהערט טריט: דער פאָטער.

ער האָט זיך, ווי דערפרייט און געלאָפן אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— פאָטער, פאָטער!

דער מאַן האָט אים אַ כאַפּ געטאָן, ער זאָל ניט אומפאַלן.

— פאָרזיכטיק, קינד.

און דאַן אים אויפגעהויבן אין זיינע אָרימס און געקושט זיין שטערן.

האָסט היינט געבראַכט דאָס בלאַט, פאָטער?

— יאָ, מיין קינד.

— און דו וועסט עס איצט אויך לעזן נאָך מיטאָג?

— געווים, געווים.

ער האָט געדענקט, ווי דער פאָטער פלעגט יעדן נאָכ־מיטאָג פאַנאַנדערשפּרייטן די צייטונג. ער האָט עס פיל מאָל גענומען אין האַנט און געפּרואווט לייענען די געדרוקטע ווערטער, וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען. די מוטער פלעגט דערביי לאַכן. אים האָט עס אָבער ווייניק געקימערט.

ער האָט פאַרלאַנגט די צייטונג, האָט עס גענומען אין זיינע הענט, אַריינגעגראָבן דערין זיינע בלינדע אויגן,

נאָר גאָרניט געזען. פינסטער. ער האָט אָנגעצייגט מיטן פינגער אויף אַ געוויס אָרט:

— וואָס שטייט דאָ, פאָטער?

— שפּעטער, קינד.

דעם קינדס געזיכט האָט אויסגעדריקט ניט־באַפרידי־קונג. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די צייטונג און זיך גע־ווענדט צו דער מוטער:

— דער הימל איז בלוי?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, קינד.

— אָבער, ווי זעט עס אויס, מוטער?

פאַר אים איז נאָך ווייניק געווען בלויז דאָס באַוואוסט־זיין, אַז דער הימל איז בלוי, ער האָט געדאַרפט אָנקוקן: צי איז ניטאָ דאָרט אַ ווייס וואָלקנדל?

אַרום אים איז אָבער אַזוי פינסטער.

אַך, פאַרוואָס איז דאָס אַלץ אַרום אים פינסטער? צי איז עס שטענדיק אַזוי געווען? ניין, ניין! פאָריקעס יאָר איז אַרום אים געווען ליכטיק. בלויז די נאַכט איז געווען אַזוי פינסטער.

ער האָט געלייגט זיין קאָפּ אין זיין מוטערס שויס, האָט מיט די הענט פאַרשטעלט די בלינדע אויגן. אויף אַ רגע האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז צוריק זעענדיק, נאָר עס האָט געדויערט איין רגע — און דאַן איז ווידער אַלץ אַרום אים געוואָרן פינסטער.

א. י. גראָדזענסקי.

# אַ גאַסט פאָרט

אַ גאַסט פאָרט, אַ גאַסט פאָרט —
עפנט אַלע בראָמען!
ניט אויף שליטן, ניט אויף רעדער —
טרעפט, ווי איז זיין נאָמען?
אַ גאַסט פאָרט, אַ גאַסט פאָרט —
גייט אַרויס מיט פאָנעס:
פולע קעשענעס און הויפנס
ברענגט ער אונז מתנות.
ניט קיין ניס און ניט קיין עפל,
ניט אַפילו באַרן;
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
פויגלאַך גאַנצן שאַרן.
ניט קיין ביכלאַך, ניט קיין צאַצקעס,
ניט אַפילו שטריקלאַך; —
און ער ברענגט אונז, און ער ברענגט אונז
גראָז אויף אַלע בריקלאַך.
גראָז אויף בריקלאַך, זאַמד אויף בערגלאַך —
וועלן מיר זיך שפילן;
אַז מיר ווילן — איז אין פעלדלאַך,
און אויב ניט — אין מילן.
אַ גאַסט פאָרט, אַ גאַסט פאָרט,
עפנט אַלע בראָמען!
ניט אויף שליטן, ניט אויף רעדער —
פרילינג איז זיין נאָמען!

משה טייטש.

# דער אָראַנג־אוטאַנג



יעגער האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט כאַפּן אַן אָראַנג־אוטאַנג.

די אָראַנג־אוטאַנגען זיינען אָבער זייער קלוגע און פאַרזיכטיקע חיות. וויפל מיטלען דער יעגער האָט ניט אָנגעווענדט, האָט קיינס ניט געהאָלפן. ווי נאָר דער מענטש פלעגט זיך באַווייזן צווישן די ביי־מער, וואו עס קלעטערן אַרום די אָראַנג־אוטאַנגען, פלעגן זיי בלייבן זיצן, אָנקוקן אים מיט גנב׳ישע אויגן, ווי זיי וואָלטן געטראַכט:

— אַהאַ! דו ביסט שוין געקומען נאָך אונז! ניין, דאָס וועט זיך דיר ניט איינגעבן! מיר זיינען ניט נאַרישער פון דיר!

פלעגט דער יעגער זיך אַרומדרייען אין וואַלד עטלאַכע שעה און לסוף געמוזט מיטנעמען זיינע זעק און שטריק און אַוועקגיין אַהיים מיט חרפּה.

קיין אָראַנג־אוטאַנג ניט געכאַפּט.

---

איינמאָל איז דער יעגער געפאַלן אויף אַ פּלאַן: גענומען אַ לאָגל, אָנגעגאָסן מיט סאַקי, געגאַנגען צום ברעג פון ים, אַוועקגעשטעלט דאָס לאָגל סאַקי און אַליין אָפּגערוקט זיך ווייט אַן אַ זייט.

אַוועק אַ שעה צייט, איז דער אָראַנג־אוטאַנג פאַרבייגע־

שפּרונגען, און דערשפּירט דעם ריח פון סאַקי. די אָראַנג-אוּ-טאַנגען האָבן זייער ליב סאַקי. האָט דער אָראַנג-אוטאַנג זיך דערנענטערט צום לאָגל, אַ שמעק געטאָן דערינען און געזאָגט:

— אָי, טאַקע די אמת׳ע סאַקי! די אמת געשמאַקע משקה!

ער האָט שוין אויפגעהויבן זיין מאָרדעלע און געוואָלט צורוקן צום לאָגל.

— ניין! — האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן, — דער לאָגל איז אונטערגעשטעלט; דאָס איז בכיון פון מיינעטוועגן, דאָס וויל מען מיך אַריינגאַרן. מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק.

דער אָראַנג-אוטאַנג האָט זיך אַוועקגעזעצט אָן אַ זייט און געקוקט אין הימל אַריין.

אָבער דער ריח פון סאַקי האָט אים געשלאָגן אין נאָז און ער האָט ניט געקענט בלייבן גלייכגילטיק. האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן.

— איטלאַכע סכנה ווערט קלענער, ווען מען ווייס פון איר פריער. אָט ווען איך, למשל, וואָלט ניט געוואוסט אַז פון סאַקי קען מען שיכור ווערן, וואָלט איך מיר צוגעגאַנגען צום לאָגל, וואָלט זיך אָנגעזויפּט און אַנטשלאָפן געוואָרן, און ער, דער כיטרער מענטש, שטייט געווים ערגעץ באַהאַלטן אין אַ ווינקל. וואָלט ער באַלד אַרויסגעקראָכן, געכאַפּט אַ שטריקל, אַרומגעבונדן מיך — און פאַרטיק. צי האָב איך ניט געזען, ווי מ׳האָט אַזוי אַרום געפּאַקט מיינע חברים?

— צו מיין גליק ווייס איך אָבער, אַז דאָס איז אַ שאַרפע מַשקה. קיין סך טרינקען טאָר מען ניט דערפון.

— נישקשה, מענטשל! מעגסט זיך שטיין דאָרטן אין ווינקל. ווערסט זיך ניט דערוואַרטן! איך בין קליגער פון דיר.

דער אָראַנג-אוטאַנג האָט ווייטער געטראַכט:

— מ׳דאַרף אים, דעם כיטרען מענטשל, באַווייזן אַ קונץ. — אָט וועל איך טאַקע אַ זופּ טאָן פון דער געשמאַקער מַשקה און ער וועט מיר גאָרניט קענען טאָן.

אויפגעהויבן זיך פון אָרט, צוגעגאַנגען צום לאָגל און אַריינגערוקט דעם שפּיץ מאָרדעלע:

אַ לעק מיטן צונג — אַ מחיה! עס צעגייט איבערן גאַנצן גוף.

דער אָראַנג-אוטאַנג האָט שוין געוואָלט אַ שטאַרקן זופּ טאָן. אָבער ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן. מ׳דאַרף ניט נאָכגעבן דעם חשק.

אַוועקגעזעצט זיך און געוואַרט.

אָבער וואו איז דער מענטש? שוין־זשע האָט ער זיך דאָ ערגעץ וואו באַהאַלטן?

— נאָר וואָס דאַרף איך קלערן וועגן אים? אַביסעלע קרעפּטיקן זיך מעג איך געווים. דאָס וועט מיר גאָרניט שאַטן.

צוגעגאַנגען נאָכאַמאָל צום לאָגל און געטאָן אַ שטאַרקן זופּ. ער האָט זיך באַלעקט און געפילט אַלע טעמ׳ען. אין קאָפּ האָט אָנגעהויבן שווינדלען.

דעם אָראַנג-אוטאַנג איז פּלוצים איינגעפאַלן: מ׳דאַרף דעם יעגער אָפּנאַרן. מאַכן אים צום נאַר.

ער איז צוגעגאַנגען צום לאָגל, געטאָן אַ שטאַרקן זופּ סאַקי, אָפּגערוקט זיך אָן אַ זייט און אויסגעצויגן זיך אויפן זאַמד.

— אָט אַזוי וועל איך זיך ליגן אויסגעצויגן, פּונקט ווי אַ שיכור. וועט דער יעגער קומען. וועט וועלן מיך כאַפּן. אָט דאָ וועל איך זיך טאָן אַ כאַפּ, אַ שפּרונג און ניטאָ קיין שפּור. אַי, וועט ער עס בלייבן מיט אַ נאָז!

ליגט ער, דער קלוגער, פאַרזיכטיקער אָראַנג-אוטאַנג, די אויגן האַלב צוגעמאַכט, און פריעט זיך אויף דער זון.

אַוועק אַ צוויי-דריי-מינוט — קיינער ניטאָ. אַפּנים דער יעגער קען שוין די שטיק פון אָראַנג-אוטאַנג, ער איילט זיך ניט.

— פאַרוואָס קומט ער ניט? ווי לאַנג וועל איך דאָ וואַרטן? עס ווערט דאָך מיאוס גלאַט ליגן און וואַרעמען זיך אויף דער זון.

דער אָראַנג-אוטאַנג טוט זיך אַ שטעל אויף אַלע פיר, קוקט זיך אַרום און שפּירט אויף אַלע זייטן — ניטאָ קיין לעבעדיקער נפש.

— ש! ניטאָ וואָס מורא צו האָבן! מ׳מעג נאָך אַ זופּ טאָן.

אַזוי האָט דער אָראַנג-אוטאַנג זיך אָפּגעשפּילט מיטן אומגעזעענעם שונא אַ פּאָר שעה, ביז וואַנען ביי אים איז געבליבן, אַז דער גאַנצער באַהאַלטענער שונא איז זיין אייגענע פאַנטאַזיע.

און שפּילנדיק זיך האָט ער דערווייל בּיסלאַכווייז, טראָפּנסווייז אויסגעזופּט די גאַנצע סאַקי, דער לאָגל איז אומגעפאַלן אַ ליידיקער.

דער אָראַנג־אוטאַנג האָט זיך שוין געקייקלט אויף זיינע פיר הענט, פּונקט ווי אַ קונצן־מאַכער, וואָס ברעכט זיך און דרייט זיך אין גאַס פאַר עפּעס עסן. נאָר ער האָט עס ניט געפילט, ער איז שוין געווען שיכור — האָט זיך אים געדאַכט אַז ער גייט גלייך, נאָר די פּאַליעס פון ים טאַנצן פאַר אים אַ משונה׳דיקן טאַנץ און די צווייגן פון די ביימער דרייען זיך, ווי ווילדע באַשעפעניש.

— מ׳דאַרף זיך אַביסעלע צולייגן, — האָט ער גע־טראַכט, — ניט שלאָפן, חלילה, נאָר אַזוי זיך ליגן און קוקן אין דער וועלט אַריין.

פון לאָגל האָט ער זיך געמאַכט אַ גוט, ווייך קישעלע און האָט זיך צוגעשפּאַרט. זיינע געדאַנקען זיינען באַלד פאַרטומלט געוואָרן — ער איז איינגעשלאָפן.

אַז דער אָראַנג־אוטאַנג האָט שוין שטאַרק געכראָפּעט, איז געקומען דער יעגער, אונטערן אָרים האָט ער געטראָגן אַ זעקל מיט אַ בינטל שטריק.

אויף די שפּיץ פינגער האָט ער זיך צוגערוקט צום שלאָפנ־דיקן שיכור, פלינק פאַרוואָרפן אויף זיינע פיר הענט די פּעטליעס און צוגעצויגן שטאַרקער.

דער שיכור האָט דערפילט אַ ווייטיק, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, אָבער שוין צו שפּעט. אַנטלויפן האָט ער ניט געקענט.

דער יעגער האָט אים באַלד אַריינגעוואָרפן אין זעקל, און פאַרוואָרפן אויפן פּלייצע.

דעם אָראַנג־אוטאַנג האָט לכתחילה שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער ליגט דאָ אין דער פינסטערניש, אַ געפּענטעטער, נאָר אַזוי ווי ער איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן אויסגעניכ־טערט און אין זעקל איז געווען ווייך צו ליגן — איז ער ווידער איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט האָט ער זיך שוין אין א גרויסער שטייג ביים יעגער אין הויז.

ער האָט געשאָלטן — ניט זיך אַליין פאַר דער שכרות, נאָר דעם מענטשן פאַר זיין פאַלשקייט.

אידיש: ראַקאָווסקי—קאַפּלאַן.



# זון אין הימל

זון אין הימל! זון אין הימל!
שיק אונז, שיק אונז ליכט אַ סך,
ליכט אויף בערג און ליכט אין גריבער,
ליכט אין שטוב, ווי אויפן דאַך.

זון אין הימל! שיק דיין ליכט אונז
פאַר דעם פויגל אויפן צווייג;
פאר דעם לעמעלע אין שטעלכל,
פאר דעם הינדעלע אין שטייג.

שיק דיין ליכט פאַר אַלץ, וואָס אָטעמט
אין דער שטאָט און אויפן פעלד!
פאר די מענטשן און פאר די גראָזן —
פאר דער גאנצער, גרויסער וועלט!

יצחק קאַצענעלסאָן.



א.

## שמואל מילנער



מואל מילנער איז דער נאָמען פון אַ מאַן וועגן וועמען איך וויל אַייך דערציילן.

ער איז געווען זייער רייך, און האָט געוואוינט אין אַ גרויס, גראַם שטיינערן הויז, ווייט פון שטאָט, לעבן זיין מיל ביים ברעג טייך. דאָרט זיינען געשטאַנען נאָך א צען אַנדערע נידעריקע און איינגעפאלענע הייזלאך. די אַיינוואוינער פון די קליינע הייזלאך זיינען געווען פישער, און אַ טייל פון זיי האָבן אויך געאַרבעט אין מיל. אָבער שמואל האָט זיך מיט זיי קיינמאָל ניט גע'חבר'ט, ווייל ער איז געווען א שטאַלצער און האָט פיינט געהאט מענטשן. באזונדערס האָט ער פיינט געהאט זיין שכן, דעם פישער אַברהם, וואָס איז געווען זייער אַ גוטער און די פישער און אַלע אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט, האָבן אים דוקא ליב געהאָט.

איינמאָל, אין אַ הייסן זומער טאָג, איז שמואל געקומען פון שטאָט. ווען ער איז דורכגעגאנגען פאַרביי די קליינע הייזלאַך פון זיינע שכנים, האָט ער געזען ווי אַלע טירן זיינען פאַרשלאָסן, ווייל די פישער זיינען אַרויס פישן. זיי האָבן מיטגענומען זייערע ווייבער און קינדער און זיינען אַוועק

ווייט פון ברעג. בלויז איין קליין אינגל, דער זון פון אַברהם, וואָס איז געקומען פון שולע, איז געזעסן ביים ברעג טייך און זיך אויסגעטאָן צום באָדן. און דאָס וואַסער אויף יענעם אָרט איז געווען טיף און שטורעמדיק, אַז אַפילו גרויסע מענטשן, גוטע שווימער, פלעגן מורא האָבן זיך דאָרט צו באָדן.

— דאָס אינגל זוכט אויף זיך דעם טויט, — האָט שמואל אַ טראַכט געטאָן, — ער וועט דאָך ארונטערזינקען ווי א שטיין.

אָבער זיין שטאָלץ און שלעכטסקייט האָבן אים ניט דער־לאָזט פאַנאַנדערצורעדן זיך מיטן אינגל און אים וואָרענען ניט צו באָדן זיך אין אַזאַ געפערלאַך אָרט. ער איז אַוועק אַהיים און פאַרשלאָסן דעם טויער הינטער זיך. דאָס פלעגט ער אַלע מאָל טאָן, אָרעמע לייט זאָלן ניט קומען צו אים בעטן אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ נדבה. ווען ער איז אַריין אין הויז, האָט ער גענומען די ביכער, וואו עס זיינען געווען פאַר־שריבן אַלערליי חשבונות און זיך אַוועקגעזעצט מיט זיי לעבן פענסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום טייך.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט שמואל אויפגעהויבן זיינע אויגן פון די ביכער און ארויסגעקוקט צום טייך, וואָס איז געלעגן אַקעגן זיין פענסטער. און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט עפּעס ענלאַכם צו אַ קאָפּ פון אַ קינד וויגנדיק זיך צווישן די כוואַליעס.

— דאָס איז אַוודאי דאָס ווילדע אינגל, אַברהם דעם

פישערס זון! — האָט שמואל אַ טראַכט געטאָן און האָט גע־וואָלט אַרויסגיין רופן מענטשן צו ראַטעווען דאָס קינד. ער האָט אָבער באַלד חרטה געקראָגן: „ער איז שוין זיכער אַ דערטרונקענער, — האָט ער ביי זיך געטראַכט, — און אויב ער איז עס נאָך ניט, וועט ער זיכער דערטרונקען ווערן איי־דער עס וועלן זיך צוזאַמענקלייבן מענטשן אים אַרויסצו־שלעפּן פון וואַסער“. האָט ער אַרונטערגעצויגן דעם פּאָר־האַנג פון פענסטער און ווייטער אַריינגעקוקט אין זיינע ביכער.

ווי ער איז געווען פאַרטיפט אין די חשבונות, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט עפּעס אַ טומל אין גאַס.

— דאָס האָט מען אים אַרויסגענומען פון וואַסער, — האָט שמואל אַ טראַכט געטאָן, — אָבער אַלע הייזער זיינען דאָך פאַרשלאָסן! זיי וועלן נאָך וועלן אַריינברענגען דאָס אינגל צו מיר אין הויז און מיר שטערן מיין רו.

און דער טומל אין גאַס ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אָט קלאַפּט מען שוין אין טויער. אים דאַכט זיך אַז מ'איז אַריבערגעשפּרונגען איבערן טויער. מען האָט אויך אָנגע־הויבן קלאַפּן אין די טירן פון הויז. אָבער ער זיצט אין דער הייך און לאַכט זיך אויס פון זיי: „מיינע טירן זיינען שטאַרק, זיי וועלן ביישטיין די פּישער!“. צו זיינע אויערן דערטראָגן זיך אויסגעשרייען: „שנעלער, ראַטעוועט! שטריק דערלאַנגט! זעק גיט אַהער!“

פּלוצים האָט ער דערהערט אַ קלאַפּערייַ פון דאַך.

— וואָס איז דאָס? האָבן זיי געוואגט זיך אַריינצוּרייסן אין מיין הויז אַריין דורכן דאַך?

דאָס קלאַפּערייַ און דער טומל זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. פלוצים האָט ער דערפילט אַ שטיקנדיקע היץ. די סטעליע פלאַצט און אַ פייער גיט אַ זעץ אין צימער אריין.

דער אומגליקלאַכער שלעכטער האָט געהאַט אַ טעות. דאָס אינגל איז ניט דערטרונקען געוואָרן. דאָס איז בלויז אַ קלאָץ געשוואומען אויפן וואסער. אָבער גראד דאַן איז גע־וואָרן אַ פייער ביי אים אין קיך און האָט אויך דאָס הויז ארומגענומען. די פישער האָבן זיך דאַן אומגעקערט פון זייער פישן און זיינען שנעל געלאָפן ראַטעווען דאָס הויז. אָבער דאָס הויז איז געווען פאַרשלאָסן. מיט שוועריגקייט האָט זיך דעם פישער אַברהם איינגעגעבן אַרויפצוקלעטערן אויפן דאַך צו לעשן דאָס פייער. און ווען ער איז פאַרבייגעגאנגען דאָס פענסטער פון אויבערשטן גאָרן, האָט ער געזען, ווי שמואל פאַלט אַ גע׳חלש׳טער אין דעם צימער פול מיט רויך. האָט ער פארלאָזן דעם פלאַמענדיקן דאַך, האָט דורכגעבראָכן דאָס פענסטער, און איינשטעלנדיק זיין לעבן, האָט ער ארויסגע־שלעפּט זיין אומגליקלאכן שכן פון פייער.

ב.

ווען שמואל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שווערן שלאָף, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און ניט דערקענט דאָס אָרט אויף וועלכן ער ליגט. אַלץ איז אים פרעמד. בלויז די שכנים, וואָס

דרייען זיך אַרום אים, דערקענט ער. און מער פון אַלעמען טוט פאַר אים אַברהם דער פישער. ער פאַרריכט זיין געלע־גער, פאַרבינדט זיינע וואונדן און גיט אים די מעדיצין.

ביסלאַכווייז איז ער געקומען צו זיין באַוואוסטזיין, און געוואוסט וואָס מיט אים טוט זיך: זיין הויז איז פאַרברענט, ער ליגט ביי אַברהם פישער אין הויז און זיין פאַמיליע האָבן די גוטע פישער גענומען צו זיך, און ס'איז שוין צוויי וואָכן זינט דאָס שרעקלאַכע אומגליק האָט זיך געטראָפן. ער ליגט אין הויז ביי אברהמ'ען דעם פישער, וועמעס אינגל האָט זיך געטרונקען פאַר זיינע אויגן און ער, שמואל, האָט ניט געוואָלט איבעררייסן זיינע חשבונות און אים ראַטעווען.

און ווי איבעראַשט ער איז פלוצים געוואָרן, ווען ער האָט געזען דאָס ווילדע אינגל אַריינלויפנדיק אין הויז אַ לעבעדיקן, אַ פריילאַכן, און זיין פאָטער שרייט אויף אים ער זאָל זיין רואיק, ווייל דער קראַנקער קען ניט פאַרטראָגן דעם טומל.

— וואָס איז דאָס? — קלערט ער אַ פאַרוואונדערטער,
— איז די גאַנצע זאַך גאָר אַ חלום?

אָבער, ניין דאָס איז ניט געווען קיין חלום. ער גע־דענקט גאַנץ גוט, אַלץ געדענקט ער. ערשט שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט פון זיין טעות, אַז ניט דעם אינגלס קאָפּ האָט ער דאַן געזען צווישן די כוואַליעס, נאָר אַ שטיק האָלץ, וואָס איז געשוואומען אויפן וואסער. אָבער זיין געוויסן האָט אים זייער געפּלאָגט און יעדע גוטע זאַך, וואָס אברהם האָט

פאַר אים געטאָן, איז פאַר אים געווען ווי זאַלץ אויף זיינע וואונדן. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך פּלוצים אויפגעהויבן פון זיין געלעגער און געוואָלט פאַרלאָזן דאָס הויז, אָבער אַברהם האָט אים ניט אַראָפּגעלאָזט פון בעט, ביז ער וועט אין גאַנצן געזונט ווערן.

אַזוי איז שמואל אָפּגעלעגן צוויי חדשים ביי אַברהם׳ען אין הויז און איז געווען געצוואונגען צו עסן די שפּייז וואָס אַברהם און זיין גוטע פרוי האָבן אים דערלאַנגט. און דאָס קליינע אינגל, וואָס האָט זיך געטרונקען פאַר זיינע אויגן, האָט אים אַלע טאָג געבראַכט וואַסער פון טייך צו וואַשן זיינע וואונדן. שמואל האָט געביסן זיינע ליפּן פון ווייטיק און שאַנדע. אָפטמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז זיי ווייסן, וואָס מיט אים האָט געטראָפן פאַר דער שרפה: אַז ער האָט ניט געוואָלט אַרויסגיין פון הויז צו ראַטעווען זייער קינד פון וואַסער; אַז ער האָט ניט געוואָלט עפענען די טיר פון זיין הויז פאַר זייער דערטרונקען אינגל. אַלץ ווייסן זיי, און זיי זיינען אַזוי גוט צו אים, כדי גרעסער צו מאַכן זיין שאַנדע און שטאַרקער מאַכן זיין פאַרדרוס. „יאָ, דאָס ווילן זיי זיך אָן מיר אַזוי נוקם זיין, — האָט ער ביי זיך באַשלאָסן, — וואָרים איז דען מעגלאך, אַז איך זאָל גאָרניט האָבן גערעדט פון היץ די גאַנצע צייט און אויסגעזאָגט מיין סוד?“

ג.

ביסלאַכווייז, ביסלאַכווייז איז שמואל געזונט געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט אים דערלויבט אַרויסצוגיין, און ווען ער

איז צום ערשטן מאָל אַרויס אין גאַס, האָט ער דערזען זיין גרויסן חורבן: פון זיין גרויס, שיין הויז, מיט וועלכן ער האָט אַלעמאָל שטאָלצירט, איז קיין זכר ניט געבליבן, און ס'איז קיין סימן ניטאָ פון זיין טייער מעבל און די גוטע געוועבטע ליילאכער, אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש!

דעם גאנצן טאָג איז שמואל געזעסן אויף זיינע בערג אַש און ביטער געוויינט. און ווי גערירט איז ער געווארן, ווען זיין שכן אברהם איז צו אים צוגעגאנגען פאַרנאַכט, און אים איבערגעגעבן אַ היפּשע סומע געלט, וואָס ער האָט פאַר אים צונויפגענומען צווישן די אָרימע פישער און צווישן זיינע באַקאַנטע אין שטאָט, ער זאָל קענען צוריק אויסבויען זיין אָפּגעברענט הויז.

— מען קען זיך קיינמאָל ניט אויסהיטן פון אַן אומגליק, — האָט אים אברהם געטרייסט מיט אָפענער ליבשאפט, — היינט האָט דיך אַן אומגליק געטראָפן, ווער ווייס צי וועט זיך מאָרגן מיט מיר אזעלכעס ניט טרעפן? היינט דאַרפן מיר דיר העלפן, און מאָרגן, אַז מיר וועלן זיך אין דעם נייטיקן, וועסטו אונז העלפן. פיל זיינען די אומגליקן וואָס לויערן אויפן מענטשן. מיר אַלע זיינען דאָך פישער. יעדער פון אונז האַלט שטענדיק מלחמה מיט די כוואַליעס פון ים, און ווער נאָך איז אַזוי אויסגעזעצט צו אַן אומגליק, ווי אַ פישער?

— איך ווייס, צו וואָס דיינע ווערטער זיינען געצילט, — האָט דער אומגליקלאכער געענטפערט, — יאָ, איך האָב

ניט געוואָלט ראַטעווען דיין זון. און אויב איך וועל אייך מאָרגן זען, ווי איר אַלע טרינקט זיך אין טייך, וועל איך אייך אויך ניט ראַטעווען; פּאַסקודניאַקעס! איך וויל ניט אייערע נדבות! — און ער האָט דאָס געלט אַ וואָרף געטאָן זיינע רעטער אין פּנים אריין, און איז אוועק פון יענעם אָרט. און ביז היינט ווייס מען ניט, וואו ער איז אַהינגעקומען.

יהודה שטיינבערג.



# אין דער ווייט

עס ווילט זיך מיר לאָזן
די שטאָט און דעם מאַרק,
און אָטעמען פרייער,
און אָטעמען שטאַרק!
און לאָזן די הייזער
מיט טויערן אַרום,
און גיין, וואו ס'איז אָפן
און פריי אומעטום!

און גיין, וואו ס'איז אָפן
און ליכטיק און ריין,
און לאָזן די הייזער
פון ציגל און שטיין!
און לאָזן די מויערן,
וואָס זיינען מיר ענג,
און גיין אין דער ווייט
אין דער ברייט, אין דער לענג!

א. רייזען.

# דאָס ווייסע ציגעלע

א.



עגען האָט קיין מזל ניט געהאט צו זיינע ציגעלאך.

זיי פלעגן ביי אים פאַרפאַלן ווערן, אַלע אויף איין שטייגער: אין אַ שיינעם פרימאָרגן פלעגן זיי זיך אָפּרייסן פון שטריקל, אַוועקלויפן אין די בערג און דאָרט אין דער הייך פלעגט זיי דער וואָלף אויפפרעסן. קיין שום זאַך האָט זיי ניט געקאָנט אָפּהאלטן: ניט די ליבע פונם באַלאַבאָס, ניט די מורא פארן וואָלף.

דאָס זיינען, ווייזט אויס, געווען ציגן, גרייט אויף אַלץ, אַבי האָבן פרישע לופט און זיין פריי.

סעגען האָט ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, וואָס איז מיט זיינע ציגן און ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן.

— א סוף — האָט ער געזאגט, — די ציגן איז לאנג־וויליק ביי מיר. מער קויף איך ניט קיין איין ציג אַפילו.

ער האָט אָבער ניט אויסגעהאלטן, און כאָטש עס זיינען שוין אומגעקומען ביי אים זעקס ציגן אויף איין און דעם זעלבן אופן, האָט ער דאָך געקויפט אַ זיבעטע. נאָר דאָס מאָל האָט ער אויסגעקליבן גאָר אַ יונג ציגעלע, כדי זי זאָל זיך בעסער צוגעוויינען צו אים.

— דאַנקען גאָט! — האָט זיך געטראַכט דער אָרעמער סעגען, — אָט איז כאָטש איינע, וואָס איר וועט ניט זיין אומעטיק ביי מיר.

סעגען האָט אָבער אַ טעות געהאַט. אויך דאָס ציגעלע האָט זיך פאַרבענקט.

איינמאָל האָט דאָס ציגעלע זיך פאַרקוקט אויף די בערג און א טראַכט געגעבן:

— ווי גוט דאַרף זיין דאָרט אין דער הייך! ס'אַ פאַרגעניגן דאַרף זיין אַרומצושפּרינגען דאָרט אין גראָז אָן אָט דעם מיאוסן שטריקל, וואָס רייבט אָן דעם האַלז און נאַקן! דאָס פּאַסט נאָר פאַר אַן אייזל, אָדער פאַר אַן עקסל זיך פּיטערן אויף אַן אָפּגעצאַמטן פּלאַץ. ציגן דאַרפן האָבן אַ פריי פעלד.

פון דעמאָלט אָן איז איר נמאס געוואָרן דאָס גראָז פונם אָפּגעצאַמטן שטיק פעלד. עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַ בענקעניש. זי איז געוואָרן מאָגער, האָט אויפגעהערט געבן מילך. עס איז געווען אַ רחמנות צו זען, ווי זי האָט אַ גאַנצן טאָג געצופּט דאָס שטריקל, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די בערג, צעשפּרייט די נאָזלעכער און טרויעריק געמעקעט.

סעגען האָט זיך געכאַפּט, אַז עפּעס איז איר, דער ציג זיינער, נאָר ער האָט ניט געוואוסט וואָס... איינמאָל איינדערפרי, אַז ער האָט זי אויסגעמאָלקן, האָט זיך די ציג אומגעקערעוועט צו אים און אַ זאָג געטאָן אויף איר לשון:

— הערט נאָר, באַלאַבאָס, ס'מיר אומעטיק באַ אייך, לאָזט מיך אָפּ אין די בערג.

— אַך, גאָט מײַנער, זי אויך! — האָט סעגען דער־שראָקן אויסגעשריען און פון גרויס שרעק האָט ער איבער־געקערט דאָס מעלקשעפל און האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן גראָז לעבן זײַן ציגעלע.

— בלאַנקעטע, וואָס הייסט, דו ווילסט מיך אוועק־וואַרפן?

— יאָ, הער סעגען.

— וואָס, ס'פעלט דיר דען גראָז?

בלאַנקעטע האָט געענטפערט:

— אָ, ניין, הער סעגען.

— אפשר איז דאָס שטריקל צו קורץ? ווילסט, וועל איך צובינדן אַ לענגערס.

— ניט נייטיק, באַלאַבאָס.

— וואָס-זשע דען דאַרפסטו, וואָס-זשע ווילסטו?

— איך וויל גיין אין די בערג, הער סעגען.

— צי ווייסטו דען ניט, אומגליקלאכע, אַז אין די בערג איז דאָ דער וואָלף? וואָס וועסטו טאָן, אַז ער וועט אָנקומען?

— איך וועל אים געבן אַ שטויס מיט די הערנער, הער סעגען.

— דער וואָלף לאַכט זיך אויס פון דײַנע הערנער. ער האָט שוין גענוג ציגן מיר אויפגעפרעסן, און מיט אַביסל גרעסערע הערנער, ווי דײַנע. געדענקסט די אָרעמע אַלטי־טשקע רענאָד, וואָס איז דאָ געווען פאַראַיאָרן? ס'איז אַ גרויס ציג דאָס איז געווען, און אַ מין שטאַרקע און בייזע,

ווי אַ באָק! אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געראַנגלט מיטן וואָלף, און אינדערפרי האָט זי פאָרט דער וואָלף אויפ־געפרעסן.

— אומגליקלאכע רענאַד, נעבאַך!... אָבער דאָס מאַכט ניט אויס, הער סעגען, לאָזט מיך אַוועקגיין אין די בערג.

— גאָט מיינער! — האָט סעגען געזאגט — וואָס איז געוואָרן מיט מיינע ציגן? אָט וועט דער וואָלף נאָך איינע פאַרצוקן. אָבער, ניין! איך וועל דיך ראַטעווען, כאָטש דו ווילסט ניט. און כדי דו זאָלסט זיך ניט אָפּרייסן פון שטריקל, וועל איך דיך אויף שטענדיק פאַרשפאַרן אין שטעלכל.

און סעגען האָט אַוועקגעטראָגן די ציג אין פינסטערן שטעלכל און האָט פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ צווייענדיקן שלאָס. צום אומגליק האָט ער פאַרגעסן, אַז דאָרט איז פאַראַן א פענסטערל, און ווי נאָר ער האָט זיך אַפּגעקערעוועט, האָט די ציג זיך ארויסגעכאַפּט פון דאָרט.

ב.

אַז דאָס ציגעלע איז געקומען אין די בערג אַריין, איז דאָרט געוואָרן אַ גרויסע פרייד. די אַלטע סאָסנעס האָבן נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ שיינקייט. מע האָט זי אויפגענומען ווי א קליינע פּרינצעסן. די קאַשטאַנען־ביימער האָבן זיך אָנגעבויגן ביז צו דער ערד, כדי צו גלעטן די ציג מיט די שפּיצן פון זייערע צווייגן. די גאָלדענע גרעזעלאך האָבן פאַר איר געמאַכט אַ וועג, בעת זי איז געגאַנגען. דער גאַנצער באַרג האָט זי אויפגענומען יום־טוב׳דיק.

איר שטעלט זיך פאָר, ווי אונזער ציג איז געווען גליקלאַך! ניטאָ מער קיין שטריקל, ניטאָ מער קיין פלעקל... ניטאָ מער, וואָס זאָל זי ניט לאָזן שפרינגען, רייסן די בלעטלאַך, ווי איר גלוסט זיך. און וויפל גראָז דאָ איז פאַראַן! העכער איבער די הערנער! און וואָס פאַר אַ גראָז! געשמאַקע, דינינקע, מיט שפּיצן, טויזנטערליי מינים... אַביסל בעסער גראָז, ווי דאָרט אויפן אָפּגעצאַמטן פּלאַץ! און וויפל בלומען! גרויסע, בלויע גלעקעלאַך, פּורפּורנע פינגערהוטן מיט לאַנגע בעכערלאַך — אַ גאַנצער וואלד מיט ווילדע בלומען, וואָס פון זייער שטאַרקן זאַפט פאַרדרייט זיך דער קאָפּ.

בלאַנקעטע האָט פאַר קיין שום זאַך ניט מורא געהאַט.

ג.

מיטאַמאָל האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלט ווינטל. דער באַרג איז געוואָרן פיאָלעט. די נאַכט איז צוגעפאַלן.

— שוין! — האָט די קלוגע ציג געזאָגט און איז געבליבן שטיין שטאַרק פאַרוואונדערט.

— הו! הו!

זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם וואָלף. אַ גאַנצן טאָג איז ער איר, דעם נאַרישן ציגעלע, אפילו אויפן זינען ניט אַרויף... ווייט-ווייט אין טאָל האָט זיך אין דער זעלבער רגע געלאָזט הערן אַ שאַלן פון אַ האָרן. דאָס האָט סעגען זי גערופן.

—— הו! הו! — האָט געברומט דער וואָלף.

— קער זיך אום! קער זיך אום! — האָט געשריען דער האָרן.

בלאַנקעטע איז שוין געווען גרייט זיך אומקערן, נאָר זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פּלעקל, שטריק און אַרומגע־צאַמטן פעלד און זי האָט געפילט, אַז זי וועט שוין מער דאָרט ניט קאָנען לעבן און ס׳איז בעסער שוין בלייבן דאָ...

דער האָרן איז אנטשוויגן געוואָרן.

די ציג האָט דערהערט הינטער זיך א גערויש פון די בלעטלאַך. זי האָט זיך אומגעדרייט און דערזען אין דער פינסטערניש צוויי קורצע און אָנגעשפּיצטע אויערן מיט צוויי ברענענדיקע אויגן...

דאָס איז געווען דער וואָלף.

ער איז געזעסן אויף די הינטערשטע פיס א געוואַלטיק גרויסער, ווי א פאַרגליווערטער, האָט געקוקט אויף דער קליי־נינקער ווייסער ציג און האָט זיך באלעקט פון פאַרגעניגן. דער וואָלף האָט געוואוסט, אַז ער וועט זי אויפפרעסן און דעריבער האָט ער זיך בייז צעלאכט:

— האָ, האָ! סעגענס קליין ציגעלע! — און האָט אַ פיר געטאָן מיט זיין גראָבער, רויטער צונג איבער די רויטע יאסלעס.

בלאַנקעטע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז פאַרפאַלן. זי האָט זיך דערמאָנט די געשיכטע מיט דער אַלטער רענאָד, ווי זי האָט זיך געראנגלט אַ גאַנצע נאַכט מיטן וואָלף, ביז זי איז גאַנץ פרי פאַרצוקט געוואָרן.

דער מורא־דיקער וואָלף האָט זיך דערנענטערט און די קליינע הערנערלאך האָבן אָנגעהויבן ארומטאַנצן.

— אָ, ווען איך זאָל נאָר דערציען ביז עם ווער אָנהייבן טאָגן...

איינס נאָכן אַנדערן האָבן די שטערן זיך אָנגעהויבן אויסלעשן. בלאנקעטע האָט מיט א טאָפּלטער קראפט גע־קלאפּט מיט די הערנער, אלץ טיפער האָבן זיך איינגעביסן דעם וואָלפס ציין...

אויפן האָריזאָנט האָט זיך באוויזן א בלייכער ליכט־פּאַס. פון א פּארם האָט זיך געלאָזט הערן א הייזעריק קרייען פון א האָן.

— אַ סוף! — האָט געזאגט די אָרעמע ציג, וואָס האָט נאָר געוואָרט אויפן טאָג כדי צו שטאַרבן, און זי איז א פאַל געטאָן אויף דער ערד, און איר ווייסער פוטער איז געווען אינגאנצן אין בלוט...

א. דאָדע.



# נאָך זונפאַרגאַנג

אויף עפּעס וואַרטן באַרג און טאָל,
דער וואַלד הערט אויף צו ברומען;
אַלץ נידעריקער נייגן זיך
צו דער ערד די בלומען.

דער טייך אַזוי ווי אַ שפּיגל גלאַט,
עס רירט זיך ניט דאָס וואַסער;
עס ווערט דער אָוונט שטילער אַלץ,
אומעטיקער, בלאַסער...

און אויבן ווי אַ סטאַדע שאָף,
די קופּער־וואָלקנס ליגן;
אַ פויגל ערגעץ גיט אַ זינג
און ווערט באַלד אַנטשוויגן.

נחום י.



# צוויי חברים

### א.



אַ ס ק ע און יאַסעלע זיינען געווען צוויי שכנים און תלמידים אין איין שולע. יאַסעלע איז געווען געקליידט שענער פאַר אַלע קינדער אין שטאָט, ווייל זיינע עלטערן זיינען געווען די רייכסטע. יאַסקע איז געווען דער בעסטער תלמיד אין שולע.

אַז יאַסעלע פלעגט גאַנץ פרי אַרויסגיין אָנגעטאָן אינם נייעם טולופּל, שטיוועלאַך — אויף צו שפּיגלען זיך אין זיי — אַ גוטן לעדערנעם ראַנצן-טאַש, מיט אַ פריילאַך האַרץ און מונטער געזיכט — פלעגט אים יאַסקע נאָכקוקן דורכן פענס־טערל, פלעגט וואַרפן אַן אויג אויף זיינע אַלטע, צעריסענע קליידער, אויסגעדרייטע שטיוועלאַך, אומעטיקע פאָטער און מוטער און פלעגט זייער מקנא זיין דעם אויסגעפּוצטן חבר.

אַזוי איז געווען אויף דער גאַס, ביז צום חדר.

אין חדר אָבער איז שוין יאַסקע געווען דער מיוחס.

און יאַסעלע פלעגט זען, ווי דער לערער האָט אַזוי ליב יאַסקען. די בעסטע צייכנס כאַפּט ער אוים; אויף וואָס מען פרעגט אים, האָט ער גרייט אַ תשובה אויף דער צונג. און עס פלעגט אים אָננעמען אַ פאַרדרוס: פאַרוואָס? אַזאַ

קבצן? אזא אָפּגעריסענער?! שענער וואָלט דאָך פּאַסן, איך זאָל האָבן די גוטע צייכנס! מיך זאָל דער לערער גלעטן איבערן בעקל!

איין טאָג איז יאָסעלע אַרויסגעגאַנגען פריער און האָט זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן אויפן חבר. ווי ער האָט אים נאָר דערזען פון ווייטן, האָט ער אים אָנגעהויבן רופן:

— אָפּגעריסענער!

— קעלבל! — האָט אים יענער אָפּגעצאָלט.

— באָרוועסער!

— קעצענער מוח!

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — די קינדער האָבן זיך דער־נענטערט מיט די פויסטן אין דער לופט.

— אַ נו, פּרואוו, הייב אָן!

— אַ נו, פּרואוו, ריר מיך אָן!

ביי ביידן האָט געברענט אַ פייער אין די אייגעלאך, נאָר יעדערער האָט געוואָלט אַז שלאָגן דעם חבר, אַז בלייבן אַ גערעכטער. דערפאַר האָט יעדער פון זיי געוואָלט זיין — נישט דער אָנהייבער.

— נו, אָט האָב איך דיך אָנגערירט.

— און אָט האָב איך דיר אַ צופּ געטאָן.

און נישט צו וויסן, ווער ס'האָט באמת אָנגעהויבן, האָבן זיך ביידע חברים געפונען שוין אין מיטן געשלעג. ביידע האָבען זיך אַרומגעכאַפּט, ווי אמת'ע גוטע פריינט, און האָבן זיך געוואָרפן פון די פיס. קייקלענדיג זיך אויף דער ערד

האָבן זיי זיך נאָך געריסן און געביסן און האָבן נישט באַמערקט, ווי פון ווייטנס לויפט אָן אַ פייעטאָן מיט דריי פערד. אַט־אַט פאָרט ער אויף זיי אַרויף.

— שטיי! אוי, אוי! — האָבן צוקוקער אין איין קול געשריגן.

נאָר די קינדער האָבן קיין געשרייען נישט געהערט, אויסער זייערע אייגענע, און פערד פאַרשטייען נישט קיין אידיש.

אַז מ'האָט זיי אויפגעהויבן פון דער ערד אין חלשות, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי איינעם איז אַ צעבראָכענער פוס, ביים צווייטן אַ צעבראָכענע האַנט. מ'האָט זיי ביידן אַוועקגעפירט אין שפיטאָל און אַוועקגעלייגט אין שכנות־דיקע בעטלאַך — איינעם קעגן צווייטן.

ב.

אַז יאָסקע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט: ווער זיינען עם די הויכע ווענט? ווי קומען אַהער יענע גרויסע פענסטער? ווער זיינען די מיידלאַך אין ווייסע פאַרטוכער, וואָס שוועבן דאָ אַרום פון בעטל צו בעטל און לאָזן אומעטום אַזאַ שמייכעלע?... וואו איז ער? אַ חלום איז דאָס? און אפשר איז ער אויף יענער וועלט, אין גן־עדן?

ער פּרובירט אַ ריר טאָן מיט דער האַנט, און... **אוי, אַ ווייטיק!**

אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף אַ זייט, האָט ער **דערזען**

דעם חבר אַ בלייכן און האָט זיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָ איז אַ שפּיטאָל.

עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אויפהייבן אַ פּויסט אַקעגן יענעם, נאָר — אוי! וואו איז די האַנט? אוי, אַ ברעכעניש דאָס איז!

ער האָט זיך צעוויינט. ער וויל פרעגן, וואו איז זיין פאָ־טער, זיין מוטער, די שוועסטערלאַך? נאָר ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז דאָ, אין שפּיטאָל, לאָזט מען קיינעם נישט אַריין צו די קראַנקע. אַ פרעמדער איז ער דאָ. אַלץ און אַלע זיינען אים דאָ פרעמד. א חוץ דעם אָט, וואָס ליגט אַקעגן אים.

ער האָט זיך נאָך מער צעוויינט. אויף זיין געוויין האָט זיך געהערט אַ כליפּען פון דעם צווייטן בעטל. אַפּנים, יע־נער האָט זיך אויך דערפילט דאָ פרעמד.

באַלד איז אויסגעוואקסן לעבן זיי איינע פון די ווייסע מיידלאַך, וואָס שוועבן דאָ אַרום, און האָט איינגעטיילט: דעם — אַ שמייכל, יענעם — אַ גלעט איבערן בעקעל. רואיק — זאָגט זי — קינדערלאַך, ליגט רואיק! מען דאַרף נישט וויינען. אין עטליכע טעג אַרום וועט איר דאָך געזונט!

אין אָנפאַנג פלעגט יאָסקע ניט קאָנען ליידן אויף זיך די האַנט פון יענעם ווייסן מיידל. ער האָט געבענקט נאָך דער מוטערס האַנט, נאָך אַ שמייכל פון זיינע שוועסטערלאַך. נאָר שפּעטער, אַז דאָס ווייסע מיידל האָט אָן אים פאַרגעסן, האָט עס אים געקרענקט און גליקלאַך איז ער געווען, אַז אים איז

צוגעפאַלן מער אַ שמייכל, ווי אַנדערע קראַנקע. ער האָט אָנגעהויבן בענקען נאָך די ווייסע מיידלאַך.

— די ווייסע מיידלאַך האָבן אונז ביידע גלייך ליב, — טראַכט ער זיך, — ווען זיי קומען צו מיר, פאַרגעסן זיי אויך נישט דעם חבר.

ג.

עס איז געווען פרייטאָג. דער וועכטער איז אַריינגע־קומען און האָט ביידן אָנגעטאָן נייע קליידער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ העמד — און שוין. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך יאָסקע דערזען אין קליידער גלייך מיט יאָסלען.

און דאָס ווייסע מיידל קומט אָפט צו זיי צו, און לויבט זיי ביידן פאַרן דאָקטאָר:

— טייערע קינדערלאַך! זיי פאָלגן אַזוי! חכמים זיי־נען דאָס!

דאָס ערשטע מאָל הערט יאָסלע, ווי מען לויבט אים גלייך מיט יאָסקען.

אין דער זעלבער פאַלאַטע איז געלעגן אַ קראַנקער אין שטאַרקער, שטאַרקער היץ. ביי אים אויפן ברעטל איז געווען געשריבן: פערציק מיט אַכט צענטל. דער קראַנקער האָט גערעדט פון פייער, געקריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט. דאָס ווייסע מיידל איז געשטאַנען זייער אַ פאַר־זאָרגטע און האָט אים געלייגט אַ פענכער אייז צום קאָפּ.

און דער קראַנקער קריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט עפּעס איינעם, וואָס קיינער זעט אים נישט... פּלוצלונג

הייבט ער אויף די האַנט אין דער לופט... קליפּה! — שרייט ער — אַוועק פון מיר! עס הערט זיך אַ קנאַק איבער דער פּאַלאַטע... אַ געשריי... דאָס ווייסע מיידל פאַלט אויף דער ערד באַגאָסן אין בלוט. דער קראַנקער האָט איר פון היץ אַזאַ פּאַטש געגעבן.

דאָס ווייסע מיידל איז אַרויס פון דער פּאַלאַטע. קראַנקע האָבן זיך אויפגערעגט. יאָסקע מיט יאָסעלען קריצן מיט די ציינער. ווען זיי זאָלן קאָנען, וואָלטן זיי דעם קראַנקן צע־ביסן, צעריסן פאַר כעס.

זיי האָבן זיך ביידע אַזש צעוויינט פון צאָרן.

— אַ מכּה וועט ער זי שוין זען לעבן זיך! — טרייסט זיך יאָסעלע, און זאָגט עס צו זיך הויך אויפן קול.

— נישט קראַנק איז ער אַליין זיך צו לייגן דעם פּענ־כער! — איז זיך אויך יאָסקע נוקם.

נאָר באַלד נאָכדעם האָט זיך ווידער געוויזן דאָס ווייסע מיידל, שוין אָפּגעוואַשן פונם בלוט, מיט אַ געשוואָלענער באַק. זי האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט ביים קראַנקן, פאַרזיכטיק פאַריכט דעם פּענכער אויפן קאָפּ, געמאָסטן די היץ, און אַז זי האָט אַפּערגעקראָגן דעם טערמאָמעטער, האָט זי זיך פאַרקוקט אויף אים. צוויי טרערן האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון אירע אויגן.

יאָסעלע מיט יאָסקען האָבן זיך ברוגז׳ערהייט איבער־געקוקט.

— דאָס ווייסע מיידל איז אַ מלאך, — האָט זיך ביי איינעם אַרויסגעריסן פון מויל.

— זי האָט אונז אַלע אַזוי ליב! — זאָגט דער צווייטער.

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָט זיך יאָסעלען גע׳חלום׳ט ווייסע מלאָכים מיט געשוואָלענע באַקן און פערל פאַלן זיי פון די אויגן.

אין דערפרי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, אַרומגעקוקט און דערזען, ווי ביים חבר איז די דעק אַראָפּגעפאַלן. יענער מאַטערט זיך זי אויפצוהייבן, נאָר דער פוס איז אים אַזוי באַנדאַזשירט, אַז ער קאָן זיך קיין ריר נישט טאָן.

יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט דעם פוס און אויפגעהויבן מיט אים די דעק. יענער האָט מיט בליצנדיקע אייגלאַך אויף אים געקוקט.

שפּעטער מיט אַ שעה האָט זיך יאָסעלען געוואָלט אַ טרונק. לעבן אים איז געשטאַנען אַ פלעשל קעפיר, נאָר ער האָט מיט דער קראַנקער האַנט נישט געקאָנט דערלאַנגען דערצו. ער האָט נאָר געקוקט אַהין מיט דורשטיקע אויגן און באַלעקט די פאַרטריקנטע ליפּעלאַך.

יאָסקע האָט זיך אָנגעשטויסן. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און דערלאַנגט דעם חבר דאָס פלעשל קעפיר.

יענער האָט אים אָפּגעצאָלט מיט אַ פריינטלאַכן שמייכל.

יאָסקע! — הייבט יאָסעלע גלייך אָן, — ווייסט וואָס איך טראַכט? אַז איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך דאָך מסתמא זיין אַ רייכער! נו, וועל איך אויסבויען אזא שפּיטאָל.

— און איך, יאָסעלע, ווייסט וואָס? איך וועל אויס־וואקסן אַ דאָקטאָר! טאַקע אין דיין שפּיטאָל!

— יאָ, יאָ! און מיינע מיט דיינע שוועסטערלאַך וועלן מיר מאַכן פאַר ווייסע מיידלאַך. יאָ, יאָסקע?

— יאָ, יאָ! אַזוי ווי אָט אונזערע פון דאַנען!

אוןביידע חברים האָבן פאַרפירט אַ שטילן ליבלאַכן פלוידער, ווי צוויי פייגעלאַך אויף איין צווייגל און האָבן זיך גענומען וואַרטן, ביז זיי וועלן גרויס ווערן.

יהודה שטיינבערג.



# האַרבסט

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער זע איך
וואַלגערן זיך אַרום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פייפט אַ לידל צו,
און די אָרימע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

הייבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט, אָן מאַכט,
און דער ווינט דער בייזער,
פייפט און שפּילט און לאַכט.

אברהם רייזען.



# פאַרלאָרן דעם באַלאַבאָס

א.



א נ ג ז א ם, אָפּשטעלנדיק זיך יעדע ווײַלע, האָט דאָס פערד געפּירט דעם וואָגן מיט עפּל. נאָכן וואָגן זײַנען נאָכגעגאַנגען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק און אַ אינגל פון אַ יאָר צוועלף. דער מאַן איז דאָס געווען דער אייגנטימער, דער באַלעבאָס פון דעם וואָגן מיט די עפּל, און דאָס אינגל — סעמי האָט ער געהייסן — איז געווען אַ געדונגענער העלפער, אַן אויסשרייער, און צו דערזועלבער צייט אַן ארויפטרעגער פון די עפּל צו די קונים.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון ווינטער און דער סוף פון דעם טאָג. דאָס וועטער איז אויסגעפאַלן אַ שלעכטס, אַ צרה׳דיקס: עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער, שנײַדנדיקער ווינט, און עס האָט ניט אויפגעהערט צו שפּריצן אַ קאַלט רעגנדל, וואָס האָט דורכגענומען דורך און דורך מיט פײַכטקייט און מיט קעלט.

אַ לײַכט זומערדיק דזשעקעטל און אַ פּאָר לײַכטע קורצע „קניה־ייזלאַך“, האָבן שלעכט באַשיצט דאָס אָרימע אינגל פון דעם גרויזאַמען וועטער. פון די הייזלאַך האָט זיך אין טייל ערטער אַרויסגעזען דאָס הוילע לײַב, און פון זײַ-

נע צעריסענע שיך האָבן אַרויסגעשטעקט די פינגער. דאָס אינגל האָט זיך געיאָזשעט און געטרייסלט פון קעלט — און אפשר אויך פון הונגער. זיין קליין אויסגעדאַרט פּנים איז געווען בלאָס און בלוי, אָנגעשוואָלן פון פייכטקייט און איבערגעפראָרן פון קעלט.

— „פייוו סענטס איי האָל לאָט!" — האָט עפּעס מיט אַ באַנומענעם קול אויסגעשריען דער באַלעבאָס.

— „עי, אַפּלז!" — האָט נאָכגעשריען סעמי מיט אַ הייזעריקער, קינדערשער, האַרצרייסנדיקער שטימע.

קיינער האָט אָבער קיין עפּל ניט געבעטן און דאָס פערד האָט געגעבן אַ טראָט ווייטער.

— ווען מיר באַלד פאָרן אַהיים? — האָט סעמי געפרעגט זיין באַלאַבאָס, און עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

דער באַלאַבאָס האָט אין אָט דעם שלעכטן טאָג אויך שלעכטע געשעפטן געמאַכט, און ער האָט ניט גערעכנט פאַר נייטיק צו ענטפערן אויף זיין אינגלס פראַגע.

— „פייוו סענטס איי האָל לאָט!"

— „עי, אַפּלז!"

עס זיינען פאַריבער נאָך אייניקע מינוטן.

— ווען מיר באַלד פאָרן אַהיים? — האָט סעמי ווייטער געפרעגט, און זיין קינדערש האַרץ האָט געקלעמט פאַר ווייטיק.

דער באַלאַבאָס האָט אַ לאַנגזאַמען, בייזן, שאַרפן בליק

געגעבן אויפֿן קינד, און אויף זיין פּנים האָט זיך אויסגעצייגט אַ ווילדע הנאה. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער מאַן וויל זיין ווילדע אומצופֿרידנקייט פֿון זיינע היינטיקע שלעכטע געשעפֿטן אויסגיסן אויף זיין געדונגענעם אינגל.

— ווען איך וואָלט וויסן, — האָט דער באַלאַבאָס געענטפֿערט, — אַז דו ביסט אַזאַ פֿויל אינגל, וואָלט איך דיך אַפֿילו אומזיסט ניט גענומען.

— איך פֿויל זיך ניט, — האָט סעמי געענטפֿערט, — מיר איז קאַלט. און זיין קול האָט געציטערט פֿון טרערן.

— קאַלט? — האָט אים איבערגעריסן דער באַלאַבאָס, — וואָס אַרט עס מיך? אַ קוואָדער וועסטו דאָך וועלן נעמען.

— „פּייוו סענטס איי האָל לאָט!"...

— „עי, אַפּלז!" — האָט אויסגעשריען אַ שטים פֿול מיט טרערן.

און דאָס פֿערד איז זיך לאַנגזאַם געגאַנגען און געגאַנגען. סעמי האָט דערפֿילט, אַז ער פֿאַלט פֿון די פֿיס און ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן וואָגן.

## ב.

— נעם גיי אַריין אַהער, — האָט דער באַלאַבאָס אָנגעצייגט סעמין אויף אַ געוויס הויז, — אָבער קלאַפּ אָן אין טיר: ווען דו וועסט פֿאַרקויפֿן, קום גלייך אַראָפּ נעמען נאָך אַן עמער מיט עפּל; ווען ניט, גיי איבערן דאַך אין דעם צווייטן הויז. געשווינד!

און סעמי איז אַוועק אין דעם אָנגעצייגטן הויז. דאָס איז געווען אַ פּלעט־הויז. דער קאָרידאָר איז געווען באַדעקט מיט קאַרפּעט און מיט דאַמף געוואַרעמט. סעמי האָט גענומען קלאַפּן פון טיר צו טיר. קיינער האָט אָבער קיין עפל ניט געדאַרפט. ביי די שכנים אין די צימערן האָט שוין פייער געברענט. פון אייניקע דירות האָבן זיך געהערט פריילאַכע קינדערשע פּלאַפּלעריי און געלעכטער און פון אייניקע האָבן זיך געטראָגן טענער פון פּיאַנעס.

אָט קלאַפּט סעמי אָן אין טיר. מען עפנט; עלטערן צוזאַמען מיט די קינדער זיצן ביים טיש און מען טרינקט טיי.

— „אַפּלז?" — פרעגט סעמי.

— „נאָו!" — ענטפערט מען און מען פאַרהאַקט ביז די טיר.

אין אַ צווייטן פּלאַץ זעט סעמי, ווי די קינדער זיצן זיך און עסן. דער הונגעריקער סעמי דערפילט דעם גערוך פון די עסנוואַרג, און זיין פאַרקלעמט האַרץ פאַנגט אָן נאָך שטאַרקער וויי צו טאָן. נאָך אין אַ פּלאַץ עפנט זיך האַסטיק די טיר און אַ פריילאַך, שיין געקליידט מיידעלע ווייזט זיך.

— עני, אַהערצו קום, — דערהערט זיך הינטער איר אַ קול פון אַ פרויענצימער, — לויף ניט אַרום איבערן האָל, וועסט זיך נאָך פאַרקילן.

באַלד צייגט זיך די פרוי און נעמט צו צוריק דאָס מיידעלע.

אַזוי גייט סעמי ביזן העכסטן שטאָק, און קיין עפל האָט

ער ניט פֿאַרקויפֿט. סעמי נעמט גיין אויף די טרעפּלאַך, וואָס פֿירן צום דאַך, נאָר ער האָט דערפֿילט, ווי דער רעגן שמייסט אָן דער בלעך פֿון דאַך און ער בלייבט אַ ווײַלע שטיין. אין קאָרידאָר איז וואַרים און טרוקן. סעמין, דעם מידן, איבער־געפֿראָרענעם אינגל, פֿאַרווילט זיך אָפּרוען.

— פֿון וואַנען וועט דער באַלאַבאָס וויסן? — טראַכט דאָס קינד, — ער וועט מיינען אַז איך האָב זיך עטוואָס לענ־גער פֿאַרזאַמט. סעמי זעצט זיך אַוועק, ווי אַן אונטערגע־האַקטער און שפּאַרט זיך אָן אָן דעם עמער מיט די עפּל.

סעמי האָט זיך פֿאַרטראַכט וועגן די קינדער, וואָס האָבן געגעסן, געטרונקען און געשפּילט... ער נעמט זיך פֿאָר־שטעלן, אַז ער איז אויך איינער פֿון זיי און אַז ער עסט, אַז ער טרינקט, אַז ער שפּילט... אין קאָרידאָר איז טרוקן און וואַרעם, אַ דרעמל האָט גענומען שמידן סעמים צעווייק־טע, צעפֿראָרענע גלידער... ער האָט עפּעס אַזוי ווי דער־שראָקן אַ כאַפּ געטאָן זיך, אָבער באַלד איז ער ווייטער אנט־שלאָפֿן געוואָרן.

דער באַלאַבאָס האָט לאַנג אויף זיין אינגל ניט געוואַרט; ער האָט זיך געהאַט זיין טרוקענע רעכענונג: דער טאָג האָט זיך שוין געענדיקט; דעם אינגל דאַרף ער שוין סאַי־ווי־סאַי שיקן אַהיים; אַ קוואָדער איז ער דאָך אים שולדיק, און דער עמער צוזאַמען מיט די עפּל איז דאָס ניט ווערט.

און ער האָט זיך גענומען ווייטער פֿאָרן; ער איז דאָס שוין געפֿאָרן אַהיים.

ג.

ווער ווייס, ווי לאַנג סעמי וואָלט געשלאָפן, ווען אַ שכנה פון דעם הויז וואָלט ניט געגאַנגען אַ קוק געבן, אויב דער ווינט האָט ניט צעשמיסן די וועש, וואָס איז געהאַנגען אויפן דאַך.

סעמי האָט דערפילט, ווי עמיצער האָט אים געגעבן אַ טופּ מיטן פוס... ער האָט זיך אַ כאַפּ געגעבן ניט טויט ניט לעבעדיק. מיט שרעק האָט ער א קוק געגעבן אַרום זיך. לעבן אים איז געשטאַנען אַ גרויסע, דיקע, געזונטע פרוי.

— אַוועק פון דאַנען, דו לויפער! — האָט די פרוי זיך צעשריען, — דאָ איז קיין פּלאַץ ניט צום שלאָפן.

„אַפּלז!" — האָט סעמי אַ שטאַמל געגעבן, האַסטיק אויפגעהויבן זיך און ער האָט געכאַפּט לויפן אַראָפּ די טרעפּ. ווען סעמי איז אַרויס פון האָל איז שוין געווען פינסטער.

— „עי, אַפּלז!" — האָט ער אויסגעשריען און גענומען מיט די אויגן זוכן דעם וואָגן מיט די עפּל, דער וואָגן איז אָבער מער ניט געווען.

אַ פאַרלוירענער, אַ דערשראָקענער האָט דאָס אינגל גע־נומען אַרומלויפן. ער איז אַוועקגעלאָפן אין עוועניו, פון דאָרטן אין גאַס, פון דער גאַס ווייטער אין עוועניו... דער וואָגן מיט די עפּל איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

אין איין מינוט האָט סעמי זיך פאָרגעשטעלט זיין היים, וואו מען נייטיקט זיך אין דעם קוואָדער; זיין טאַטן, וואָס וועט אים שלאָגן, ווען ער וועט קומען אַזוי, אָן אַ פּעני פאַר־

דינסט ; ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ צעטומעלטער ; ער האָט ניט געוואוסט, וואוהין צו לויפן. אַהיים האָט ער יעדנפאַלס געשראָקן זיך צו קומען...

און דער רעגן האָט גענומען שמייסן שטאַרקער און שטאַרקער...

ז. ליבין.



# אויף די פעלדער

אויף די פעלדער ווייגען ווינטן —
גיי נישט, קינד, אין פעלד;
אויף די פעלדער שלייכט דער אומעט
און באַקלאָגט די וועלט.

אויף די פעלדער גייט אום איינער
מיט אַ גרויען זאַק;
און אַ צווייטער — הויט און ביינער —
מיט אַ טעמפּער האַק.

אויף די פעלדער שטייען ביימלאַך,
ציטערן פאַר שרעק;
און אַ פייגעלע אומהיימלאַך
קלאָגט און פליט אַוועק.

אויף די פעלדער הערט זיך טרויערן
און דו ווייסט ניט ווער...
גיי נישט, קינד, דו וועסט באַדויערן
און זיך פילן שווער...

א. רייזען.

# דער בלינדער

אין די וויגן ווײנען קינדער,
וויגן מאַמעס צו:
— ליולינקע, ליו ליו.
מיט א טאָרבע גייט אַ בלינדער,
שלעפּט זיך צו זיין רו.

קלאַפּט דער בלינדער אין א טויער,
איז דער טויער צו;
זיפצט דער בלינדער אין זיין טרויער:
גאָט, פאַרנעם כאָטש דו!

און ביים טויער ליגט דער בלינדער,
דעקט די נאַכט אים צו.
ווײנען אין די וויגן קינדער,
וויגן מאַמעס צו:
ליולינקע, ליו ליו!

מאַני לייב.

## אַלבערטס פּסק



ל ב ע ר ט איז ניין יאָר אַלט. ער איז קליין-געוויקסיק, דאַר און בלאַס. אין סקול איז פאַר אים קיין אָרט ניט אויסגעקומען, איז ער פאַרבליבן אין הויז.

אַלבערטס טאַטע איז אַ קנאָפּ-לאָך-מאַכער, אָבער ער וועט שוין זיין מלאָכה אינגאַנצן פאַרגעסן, וואָרים, שוין זייער, זייער לאַנג, אַז ער גייט אַרום ליידיק.

טאָג אין טאָג גייט ער אַרוים זוכן אַרבעט, ער שלעפּט זיך אַרום פון פרימאָרגן ביז נאַכט, אָבער — ניט פאַר אייך געדאַכט, — קיין אַרבעט זעט זיך ניט. ער איז שוין שווארץ ווי אַ קויל, אים איז שוין דאָס לעבן ניט ניחא.

אַלבערטס מאַמע איז אַ פאַרדינערין: זי וואַשט וועש, זי קריגט עפּעס הייזלאַך אַרויסצופּאַרטיקן, אָבער, — וואָס זאָל איך אַ סך רעדן? — עס קלעקט ניט אויף טרוקן ברויט.

אַלבערט האָט נאָך אַ קליין שוועסטערל, עמעלע. זי איז נאָך קיין יאָר ניט אַלט, און ווען איר ווילט זיך עסן, אָדער ווען איר איז קאַלט, מאַכט זי קולות אונטערן הימל. אַלבערט האָט זייער ליב זיין קליין שוועסטערל און ווען ער האָט נאָר אַ פרייע מינוט, שפּילט ער זיך מיט איר, קושט זי און וואַרעמט מיטן מויל אירע קליינע הענטלאַך, וואָס זיינען שטענדיק בלוי און קאַלט.

פאַרנאַכט פעדלט אַלבערט מיט צייטונגען, און אינדער־פרי קריגט ער פאַר דער פאַמיליע קוילן און האָלץ. יעדן פרימאָרגן, זינט עס האָט זיך געשטעלט דער קאַלטער ווינ־טער, גייט אַלבערט אַרום מיט אַ קערבעלע אין די הענט. ער גייט אַרום איבער די גאַסן, האַלט די אויגן צו דר׳ערד, און ווען ער געפינט אַ קויל, אָדער אַ שטיקל האָלץ, קלייבט ער עס אויף. אָפט, פרירט די קליינע עמעלע, וואַרטנדיק אויף אַלבערטס קערבעלע.

ווען אַלבערט טרעפט אָן אין גאַס אויף אַ וואָגן קוילן, וואָס מען האַלט אין אַראָפּשיטן, האַלט ער עס פאַר זיין מזל. ער וואַרט איבער ביז מען ענדיקט דאָס אַראָפּשיטן, דער־נאָך גייט ער צו מיט זיין קערבעלע, און דאָס־רוב קלייבט ער דאָ אויף עטלאַכע קוילן מיט אַמאָל.

אַלבערט קומט אַהיים אַ צעבראָכענער אויף ברעקלאַך, אָבער די מאַמע קושט אים אָן און הייצט איין אין שטוב. דעמאָלט זעצט זיך אַלבערט אַוועק מיט דער קליינער עמע־לען ביים אויוועז, און ער איז גליקלאַך.

די לעצטע נסיעה האָט אָבער אַלבערטן זייער און זייער ניט אָפּגעגאָלטן.

דאָס איז געווען א קאַלטער, קאַלטער ווינטער־טאָג. די זון האָט אַפילו געשיינט, אָבער דער פראָסט האָט זיך פון איר אויסגעלאַכט — ער האָט געקיניגט. ער האָט געביסן און געביסן אויף טויט.

די מאַמע וואָלט אפשר אַלבערטן אין אַזאַ פראָסט גאָר־ניט אַרויסגעלאָזט קלייבן קוילן, אָבער די קליינע עמעלע

איז עפּעם געוואָרן קראַנק. זי האָט געשלוקערצט און געצי־טערט ווי אַ בלאַט. האָט די אָרימע מאַמע אָנגעטאָן איר גוטן זונעלע אין אַ באַרג מיט שמאַטעס און אים אויסגע־ריכט מיט זיין קערבעלע.

אַלבערט איז אַרויס אין דרויסן. די ביטערע קעלט האָט זיך דורכגעקליבן דורך די שמאַטעס, און האָט אים צערטלאַך אַרומגענומען, אַזוי, אַז עס האָבן אים גענומען ציטערן אַלע אברים. אָבער אים האָט דערפאַר אויך גענומען גליקן: ער האָט עטלאַכע מאָל נאָכאַנאַנד באַגעגנט װעגן, װאָס האָבן אַראָפּגעשאָטן קוילן און יעדעס מאָל האָט ער אויסגעמאַכט ניט שלעכט.

עס האָט אים גענומען שטעכן אין די פינגער פון די הענט און פון די פיס און ער האָט זיך שוין געלאָזט לויפן אַהיים, טראָגנדיק מיט זיך אַ „שיין ביסל" קוילן. אַך, ווי קאַלט ס׳איז אים געווען! ער האָט געפילט, אַז ער ווערט פאַרפרוירן. אָבער אָט איז פאַר זיינע אויגן נאָך אַ וואָגן; די קוילן האָט מען שוין באַלד אַראָפּגעשאָטן און ער דאַרף לאַנג ניט וואַרטן.

אַלבערט האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט גענומען קלאַפּן אַ פוס אָן אַ פוס.

און אָט זיינען די קוילן שוין אַראָפּגעשאָטן. אַלבערט גייט צו מיטן קערבעלע און נעמט אויפקלייבן די שטיקלאַך איבערגעלאָזטע קוילן. פּלוצלונג קריגט ער אַ שטאַרקן שטויס מיט אַ פוס...

דאָס דערשראָקענע אינגל שפּרינגט אויף פאַרציטערט.

לעבן אים שטייט אַ גרויסער, פאַרשוואַרצטער קוילנמאַן און שרייט.

אַלבערט האָט געוואָלט נעמען לויפן, אָבער דער קוילנמאַן כאַפּט אים אָן, רייסט אַרויס דאָס קערבעלע פון זיין האַנט, שיט ארויס די גאַנצע קוילן, פאַרשליידערט דאָס קערבעלע אויף אַ האַלבער גאַס ווייט.

ביים קינד פאַרקלעמט דאָס האַרץ פאַר ווייטיק. די אויגן ווערן מיט טרערן פאַרלאָפן. ער הייבט אויף דאָס קערבעלע, גיט זיך פון ווייטן אַ קרום אויפן צערייצטן קוילנמאַן, און וויינענדיק שלעפט ער זיך אַוועק אַהיים.

אוי, וועט דאָרט די קליינע עמעלע היינט פרירן!...

ז. ליבין.

# זיידעשי פראָסט

אין אַ וואַטע שפּענצערל,
אין אַ וואַרעם קאַפּטער,
גייט אַרום אַ טענצערל,
מיט די פּיסלאַך קלאַפּט ער.

קלאַפּט ער אוים מיט די פּיסעלאַך
ניגעלאַך פון פריידן.
פירט ער ווינטער, פירט ער קעלט —
פירט ער אום זיין זיידן.

און דער ווייסער זיידע פראָסט
בלאָזט אין זיין טרומייטער.
הינקענדיק אויף ביידע פּיס,
היפּערט ער און גייט ער.

גייט ער איבער וואַלד און פעלד,
איבער גראָז און גרעזער.
שפּרייזט דאָס אייניקל מיט אים —
רויטלט אַלע נעזער.

אַלץ באַציט זיך מיט אַ גלאָז —
גלאַנציק אויסגעבעטן —
ניט צו שטעלן מיט אַ פוס,
מיט אַ פוס צו טרעטן.

גייען מענטשעלאַך אין גאַס,
וואַנדלען אום און האַנדלען;
קויפן און פאַרקויפן זיך
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

אַז מען האַנדלט איילט מען זיך:
האָט עס פיינט דער זיידע,
שטעלט ער אונטער זיינע פיס
הינקענדיקע ביידע.

פאַלן מענטשעלאַך אויף גליטש,
קוילערן זיך איבער —
לאַכט דעריבער אַלטער פראָסט,
פרייט ער זיך דעריבער.

גייען זיי טאָג איין, טאָג אוים,
אייניקל מיט זיידע,
ביידע וואַרעם אָנגעפּעלצט
און געדרויטלט ביידע.

משה בראָדערזאָן.



# רייזעלע



ז די אַכט־יאָריקע רייזעלע שטייט אויף אינדערפרי, רייבט זי אויס די פאַר־שלאָפענע אייגעלאַך, קוקט זיך אום אין אַלע פיר ווינקעלאַך פון דעם קליי־נעם שטיבעלע און זוכט עפּעס.

זי זוכט די מאַמע. נאָר די מאַמע איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען אין מאַרק מיטן קויש עפּל, און רייזעלע זיפצט אָפּ:

— אַזוי גיך איז זי שוין אַוועקגעגאַנגען!

פויל טוט זי אָן דאָס אַלטע, צעריסענע קליידעלע, וואַשט זיך און געפינט עפּעס אַ שמאַטע, ענלאַך צו אַ האַנטוך און ווישט זיך אָפּ.

דערמאָנט זי זיך, אַז די מאַמע האָט אַ גאַנצע נאַכט גע־הוסט, געפּאָכט מיט דער נשמה. זי האָט איר דערלאַנגט קאַלט וואַסער מיט אַ שטיקל צוקער, נאָר עס האָט ניט גע־האָלפן. די מאַמע האָט אויף איר עפּעס אַזוי מאָדנע גע־קוקט. „רייזעלע”, — האָט זי געזאָגט, — „דו האָסט אויף מיר רחמנות?” זי האָט ניט געענטפערט. זי האָט זיך נאָר פאַנאַנדערגעוויינט און איז אַוועקגעלאָפן אין אַ ווינקעלע, שטאַרקער אויסוויינען זיך. מער געדענקט זי ניט. זי ווייס נאָר, אַז איר האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט גע׳חלום׳ט.

— זי איז שוין געזונט, — טרייסט זיך רייזעלע, אַזוי וואָלט זי דאָך אין מאַרק ניט געגאַנגען.

זי גייט צו צום טיש און געפינט דאָרט גרייט פאַר איר אָנבייסן — אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל מילך אין אַ צעבראָכן גלאָז.

אַז זי עסט אָפּ דאָס אָנבייסן, ווערט איר אומעטיק. זי בעט גאָט, עס זאָל פינסטערלאַך ווערן, און די מאמע זאָל שוין קומען.

זומער קען זי זיך נישט איינהאַלטן און לויפט אין מאַרק זען, וואָס מאַכט דאָרט די מאַמע, און כאָטש די מאַמע האַלט זיך שטענדיק אין קלאָגן, אַז זי האָט גאָרנישט געלייזט, פלעגט דאָך רייזעלע קלייבן נחת שטייענדיק נאָענט לעבן דער מאַמען. איר נחת פלעגט זי דייטלאַך אויסדריקן, ווען אַ קונה פלעגט אונטערקומען צום קאָשיק עפּעל און געבן עפּעס צו לייזן. זי פלעגט פריילאַך אויסרופן:

— מאַמעלע, דו לייזט!

נאָר די מאַמע פלעגט דאָס רוב טרויעריק ענטפערן:

— אַז אָך און וויי מיין טאָכטער, צו דער לייזונג!

ווינטער אָבער פלעגט רייזעלע דעם פאַרגעניגן אויך ניט האָבן. קיין שיך האָט זי קיינמאָל ניט געהאַט, און לויפן אין מאַרק אַ באָרוועסע איז קאַלט. די מאַמע זאָגט, מען קען זיך פאַרקילן און חלילה שטאַרבן. און שטאַרבן האָט זי געוואוסט, איז זייער אַ ביטערע זאַך. ווען איר טאַטע איז געשטאָרבן, געדענקט זי ניט, נאָר זי ווייס, אַז ער ליגט דאָרט ווייט הינטער דער שטאָט אויפן בית-עולם אין אַ טיף גרוב און קען פון דאָרט קיינמאָל נישט אַרויס, אפילו זומער אויך ניט... קיינמאָל ניט, דעריבער היט זי זיך, און זי זיצט ווינטער אַ

גאַנצן טאָג אין שטוב, און וואַרט ביז וואַנען עס ווערט פינס־טער, ווען די מאַמע דאַרף קומען.

— שוין פינסטער — גייט זי צו אַלע ווײַלע צום פענס־טער, — באַלד, באַלד קומט זי.

נאָר עס קומט איר אוים נאָך פיל צו וואַרטן. אין דעם קליינעם שטיבעלע מיט די פאַפירענע קליינע שייבלאַך ווערט פינסטער, בשעת אויפן גאַס איז נאָך גוט ליכטיק, און עס ציט זיך רייזעלען אַזוי לאַנג די צייט.

— עס איז דאָך שוין פינסטער, פאַרוואָס קומט זי ניט?

— זיפצט זי מיט אומגעדולד.

און אַז אין קליינעם שטיבעלע ווערט שוין די פינס־טערניש געדיכט און רייזעלע קען שוין ניט זען, וואָס אַרום איר געפינט זיך, דאַמאָלס דערהערט זי אַ קלאַפּ אין טיר, איר קליין הערצעלע שפּרינגט שיר נישט אַרוים פאַר שמחה, און זי צעזינגט זיך:

— די מאַמע גייט, די מאַמע גייט!

עס קומט צו גיין די מאַמע, אַ פאַרפראָרענע, שטעלט אַוועק דעם קאָשיק לעבן טיר, און רופט אוים:

— וואו ביסטו, רייזעלע?

— אָט בין איך, מאַמע, דאָ לעבן בעט,—צינד אָן פייער!

די מוטער רייבט אָן אַ שוועבעלע, און צינדט אָן דאָס לעמפּעלע. אַ שוואַכער שיין באַלייכט דאָס שטיבעלע. נאָר פאַר רייזעלען איז גענוג — זי דאַרף נאָר דערזען די מאַמע; און זי זעט זי פאַרן רויכיקן פייער גאַנץ גוט, און זי ווערט פריילאַך.

אברהם רייזען.

# אין פעלד

איך בין היינט אין פעלד געגאַנגען
און קיינעם נישט געטראָפן,
נאָר פלוצלונג איז אַ שליטעלע
מיט אימפעט אָנגעלאָפן.

אין שליטן איז געזעסן ווער,
געלאַכט הויך און געזונגען;
די גלעקלאַך האָבן מיטגעלאַכט
און ווייט־ווייט אָפּגעקלונגען.

צעשראָקן פון דער האַסטיקייט
ביך איך נאָך לאַנג געשטאַנען.
געקוקט אין ווייטן פעלד אַריין,
געקוקט און נישט פאַרשטאַנען.

אַך, אפשר איז דאָס גליק אַזוי
מיט האַסט פאַרבייגעפלויגן?
באַוויזן זיך און גלייך מיט שניי
פאַרשאָטן מיינע אויגן?

ז. סעגאַלאָוויטש.

# דער פרעמדער

קאַלט און פינסטער איז די נאכט,
טיר און טויער צוגעמאַכט;
פענסטער בלינדע, אָן אַ שיין
שטאַרן אין דער נאַכט אַריין.
קאַלט און פינסטער, קאַלט און שפעט,
שלאָפט זיך יעדער אין זיין בעט.
שלאָפן, שלאָפט נאָר ניט דער ווינט,
און די בילנדיקע הינט.
און דער פרעמדער שלאָפט נאָך ניט, —
און מיט וואַקלענדיקע טריט,
און אין שמאַטעס שטיק אויף שטיק,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריק,
מיט אַ טאָרבע אויף די הענט,
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.

זעט ער ווייט א פאַלאַץ שטיין,
לאָזט ער זיך צום פאַלאַץ גיין.
ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפט ער אין דעם פאַלאַץ אָן:
סטוק, סטוק, סטוק! — ווער קלאַפט אין טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!
איך בין עלנד אויף דער וועלט,

מיר פון הונגער און פון קעלט...
סטוק, סטוק... — פרעמדער, גיי אַוועק,
אונזער קליינעם קינד ניט וועק!
זאַט און וואַרים און ליו־ליו,
שלאָפט זיך אונזער קינד אין רו...
בייגט דער פרעמדער איין דעם קאָפּ,
קערט זיך פון דעם פּאַלאַץ אָפּ.

זעט ער ווייט אַ שטיבל שטיין,
לאָזט ער זיך צום שטיבל גיין.
ביז עס קרייט דער ערשטער האָן,
קלאַפּט ער אין דעם שטיבל אָן:
סטוק, סטוק, סטוק — ווער קלאַפּט איר טיר?
— גוטע מענטשן, עפנט מיר!
איך בין עלנד אויף דער וועלט,
מיד פון הונגער און פון קעלט...
און דער פרעמדער וואַרט ניט פיל,
עמיץ שאַרט זיך אין דער שטיל
ביי דער טיר און ביי דעם שלאָס,
קומט אַרויס דער באַלאַבאָס:
— פרעמדער, פרעמדער, קום אַריין,
וועסט מיין גוטער אורח זיין.
און דער פרעמדער בייגט זיך איין,
קריכט אין שטיבל קוים אַריין.
קומט אַריין און אָטעמט שווער.

קוקט אַהין און קוקט אַהער,
און ער זאָגט אַרויסעט גלייך:
— נו, א פינסטערניש ביי אייך!
ענטפערט אים דער באַלאַבאָס:
— קויפן נאַפט ניטאָ פאַר וואָס.
—וו־וו־וואו, און איז ביי אייך דאָ קאַלט,
ממש ווי אין מיטן וואַלד.
ענטפערט אים דער באַלאַבאָס:
— קויפן האָלץ, ניטאָ פאַר וואָס.
— הייסט עס, ס׳איז ניט פריילאַך דאָ,
און קיין ברויט איז אויך נישטאָ?
ענטפערט אים דער באַלאַבאָס:
— קויפן ברויט, ניטאָ פאַרוואָס.
אָך און וויי צו מיינע זינד,
אַז מיין הונגעריק קינד
האָט געוויינט פאַרשמאַכטערהייט:
„טאַטע, גיב אַ שטיקל ברויט!
און אָן כחות ליגט עס שטיל,
איצטער אויפן האַרטן דיל...

קראַצט דער פרעמדער זיך דעם קאָפּ,
לאָזט זיך אויפן דיל אַראָפּ,
שפּרייט זיין אַלטע טאָרבע אויס,
און ער זאָגט אַזוי אַרויס:
— אַז ס׳איז פינסטער דאָ און קאַלט,

ממש ווי אין מיטן וואַלד,
אַז קיין ברויט איז אויך ניטאָ,
ליג איך מיך זיך אָט־אָ־דאָ...
איז ווי נאָר ער זאָגט אַזוי,
טוט דער ערשטער האָן אַ קריי.
ווי עס קרייט אַזוי דער האָן,
צינדט דער לאָמפּ אַליין זיך אָן,
און דער אויוון, גוט און פיין,
הייצט מיט האָלץ אַליין זיך איין,
און עס ווערט אַליין דער טיש
פול מיט טעלער פלייש און פיש,
און מיט חלות און מיט ברויט,
ווי אויף יום־טוב צוגעגרייט.

און דער פרעמדער — אָט געוועז,
אָט געוועזן און אָט געזען —
פלוצלונג טוט אַ זאָג, און לאַכט:
— באַלאַבאָס, אַ גוטע נאַכט!
און ער פליט, ווי ער איז גרויס,
דורך אַ שפּאַלט פון טיר אַרויס.
— אָ, אָ, נסים, אָדער וואָס?
טראַכט ביי זיך דער באַלאַבאָס.
נאָר ער זעט: דער אויוון ברענט,
און דער לאָמפּ באַלייכט די ווענט,
און דער טיש אַ פולער שטייט,

מיט מאכלים צוגעגרייט.
טראַכט דער באַלאַבאָס ניט פיל,
הייבט ער אויף דאָס קינד פון דיל,
וואַשן זיי זיך, עסן פרום,
זעצן זיך ביים טיש אַרום,
עסן זיי און לויבן גאָט
פאַר זיין חסד און גענאָד.

און אין דרויסן פייפט דער ווינט,
און אין פּאַלאַץ וויינט דאָס קינד.
לויפט מען איבער פּאַלאַץ אום,
און מען זוכט אַ לאָמפּ אַרום.
זוכט מען דאָרט און זוכט מען דאָ,
און קיין לאָמפּ איז אַלץ נישטאָ.
און אַלץ שטאַרקער וויינט דאָס קינד,
און אין דרויסן פייפט דער ווינט,
און עס בילן בייז די הינט.
נאָר דעם פרעמדן אַרט עס ניט,
און מיט וואקלענדיקע טריט,
מיט דער טאָרבע אויף די הענט,
שאַרט ער האַרט זיך ביי די ווענט.
שאַרט ער זיך אַזוי אַוועק —
אין דער נאַכט, אין וויטן וועג.

מאַני לייב.

# ווען דער פּאַפּאַ סטרייקט.



ס איז א ווינטער-נאַכט.

דרויסן איז א ברענענדיקער פראָסט און אַ שניידנדיקער, קאַלטער ווינט. דרויסן איז סיביר, — און אין צימער? אין צימער איז ניו יאָרק.

און עס איז קאַלט, ווי אויף דרויסן, ווייל אין צימער וואוינט אַן אַרבעטער, אַ אידישער הויזן-מאַכער; און פון יעדן ווינקעלע קוקט אַרוים די ביטערע, שטיקנדיקע נויט, ווייל דער הויזן-מאַכער איז אין סטרייק.

דער סטרייקער איז ניטאָ אינדערהיים: ער איז אויף א מיטינג. די פרוי זיינע זיצט ביים אויוון און נייט עפּעס מיטן נאָדל — דאָס פאַריכט זי אוים וועש פאַר שכנים, העל-פנדיק דערמיט דעם מאַן אין זיין סטרייק.

דאָס פייער אין אויוון גייט אוים. אפּנים, אַז דעם סטריי-קערס פרוי האָט שוין דערשפּירט די קעלט; אָט האָט זי גע-עפנט אַ דעקל און אַריינגעקוקט אין אויוון. האָט זי אַ שווערן, טיפן זיפץ געגעבן, געוואָרפן אַ טרויעריקן בליק אויף דעם לערן קוילן-שעפל און איז ווייטער געבליבן פאַרטראַכט און שווער פאַרזאָרגט.

און עס איז שטיל אין צימער. בלויז דער ווינט קלאַפּט אין די פאַרפרוירענע שויבן, און אַמאָל אין אַ ווילדע רייסט ער זיך אַריין אין קוימען פון קאַמין און וויינט אַזוי האַרצ-

רייסנדיק, אַזוי טרויעריק, עפּעס ווי ער וואָלט אויך געהאַט אַ ביטער האַרץ פון אַ הויזן־מאַכער, אַ סטרייקער...

— מאַמע, — האָט זיך דערהערט אַ קינדיש שטימעלע פון שלאָפצימער; און די מאַמע וואַרפט די אַרבעט און לויפט אַהין. דאָרט שלאָפט איר צירעלע, איר איינציק דריי־יאָריק קינד.

צירעלע איז געווען באַהאַלטן אין אַ גאַנצן ים מיט שמאַטעס; האָט זי דאָס אַלץ אַראָפּגעוואָרפן און וויל אַרויס־גיין פון בעט.

— וואוהין, מיין קינד? — פרעגט די מוטער און פרואווט צוריק איינדעקן דאָס מיידעלע.

— מאַמע, נעם מיך צום אויוון, מיר איז קאַלט, — בעט זיך צירעלע.

— עס איז דאָרטן אויך קאַלט, צירעלע.

— שיט אַריין קוילן, — גיט דאָס קינד אַן עצה.

— ניטאָ, מיין נחת, קיין קוילן, — זיפצט דעם סטריי־קערס פרוי.

— פאַראַן.

— ניטאָ, מיין לעבן, אָט וועל איך דיר ווייזן דאָס שעפל.

און די מוטער גייט אין קיך, נעמט דאָס לערע קוילן־שעפל און ווייזט עס צירעלען.

צירעלע קוקט אַריין אין שעפל, און גיט דערביי אַ טיפן, קינדישן זיפץ.

— ניטאָ מער קיין קוילן, — זאָגט צירעלע, און איר קינדיש פנים'ל ווערט אַזוי ערנסט טרויעריק.

— ניטאָ מער, — באַשטעטיקט די מוטער.
— גיי ברענג, — ראָט דאָס קינד.
— ניטאָ קיין געלט, מיין האַרץ.
— ניטאָ קיין פּענים? — פרעגט דאָס קינד איבער.
— יע, מיין נשמה, ניטאָ קיין פּענים.
— דער טאַטע ברענגט ניט?
— יע, צירעניו, דער טאַטע ברענגט ניט.
— פאַרוואָס?
— ווייל עס איז אַ סטרייק, מיין טאָכטער.

צירעלע קוקט אויף דער מוטער אַזוי בענקנדיק, אַזוי טרויעריק, הגם דאָס לעצטע, וואָס די מוטער האָט איר געזאָגט פאַרשטייט זי ניט.

— שלאָף, צירעניו.
— איך וויל עסן, מאַמע.
— גלייך, מיין קינד.

און די מאַמע גייט אין קיך, שניידט אָפּ אַ שטיקל ברויט, זוכט עפּעס אין אַלמער, געפינט גאָרניט, און געבנדיק ווייטער אַ שטילן, טיפן זיפץ, קערט זי זיך אום צוריק אין שלאָפצימער צו איר הונגעריק קינד.

— נאַ, מיין קינד.
— וואָס איז דאָס?
— ברויטעלע.
— איך וויל ניט, מאַמע.
— פאַרוואָס, צירעניו?
— באַשמיר מיט פּוטער

— ניטאָ, מיין נחת, מאָרגן וועל איך באַשמירן; דער־נוויילע עס אַזוי.

— איך וויל ניט.

— גיב פוטער, — ווידערהאָלט דאָס קינד איר ערשטע פאָדערונג.

— קינד מיינס, וואָס וואָלט איך דיר ניט וועלן געבן, אַז עס וואָלט געווען, נאַרעלע מיינס? — רעדט די מוטער איין איר קינד.

צירעלע וויל אָבער ניט גלויבן, און ווייזט אויפן אַלמער.

די מוטער ברענגט די לערע פוטער־כלי צום בעט. צירע־לע קוקט אויף איר מיט בענקנדיקע בליקן, און לאָזט אַרויס אַ שטילן, האַרצרייסנדיקן זיפץ.

— ניטאָ מער קיין פוטער, מאַמע? — זאָגט דאָס קינד טרויעריק און פירט פאַנאַנדער די הענטעלאַך.

— ניטאָ מער, מיין לעבן, — ענטפערט די מאַמע מיט אַ קול פון טרערן.

— ניטאָ קיין פענים, — דערקלערט די יונגע צירעלע.

— יע, מיין טאָכטער, ניטאָ קיין פענים.

— דער פאַפאַ ברענגט ניט?

— ניין, מיין נשמה, ער ברענגט ניט.

— פאַרוואָס, מאַמע?

— איך זאָג דאָך דיר, מיין אויג אין קאָפּ, ער סטרייקט.

אַ ווײַלע שווייגט דאָס קינד, דערנאָך גיט עס פלוצלונג אַ פרעג:

— וואָס איז דאָס, מאַמע?

— וואָס, מיין קינד?

— פאַרוואָס דער פּאַפּאַ ברענגט ניט קיין פּענים?

— ער סטרייקט, מיין קינד.

— ווער איז דאָס? — פרעגט צירעלע ווייטער.

— קיינער ניט, מיין קינד, דאָס איז אַ סטרייק.

— וואָס איז דאָס, מאַמע?

— אַ סטרייק, מיין נשמה.

— אַ בוגימען?

— ניין, מיין קינד, קענסט עס ניט פאַרשטיין... וועסט עלטער ווערן, וועסטו פאַרשטיין.

דער ווינט שטאַרקט זיך, און הייבט אָן אַזוי ווי מיט אַכזריות צו קלאַפּן אין די שויבן. עס ציטערט דאָס גאַנצע הויז. צירעלע דריקט זיך צו צו דער מאַמען און ציטערט פאר שרעק.

— איז דאָס דער סטרייק, מאַמע?

— נאַריש קינד, דאָס איז דאָך דער ווינט.

צירעלע הערט זיך איין, טוליעט זיך צו דער מאַמען און נעמט אָן חשק עסן דאָס שטיקל טרוקענע ברויט...

פון דער מאַמעס אויגן קאַפּען אַרונטער טרערן אויפן קינדס קעפּעלע, און פון קינדס אויגן קאַפּען אַרונטער טרערן און פאַרנעצן דאָס טרוקענע שטיקל ברויט...

ז. ליבין.

# מיין אינגעלע

איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
א זונעלע — גאָר פיין!
ווען איך דערזע אים, דאַכט זיך מיר
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט;
איך טרעף אים תמיד שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס,
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב,
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק!

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים,
אין פינסטערניש געהילט;
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּילט.

ווי זים עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פעני מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ?"

איך שטיי ביי זיין געלעגרל
און זע און הער און — שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלאַך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך קוש די בלויע אייגעלאך.
זיי עפנען זיך: „אָ, קינד!"
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך
און שליסן זיך געשווינט.

„דאָ שטייט דיין פּאַפּאַ, טייערער,
אַ פּענעלע דיר נאַ!"
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלאַך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?"

איך בלייב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פאַרביטערט און איך קלער:
ווען דו וואַכסט אויף אַמאָל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מער.

מאָרים ראָזענפעלד.

# צוויי פּרעסט

## א.



פּ אַ צ י ר ן זיך איבערן פעלד צוויי פּרעסט, צוויי לייבלאַכע ברידער, קלאַפּן אַ פוס אָן אַ פוס, רייבן אַ האַנט אָן אַ האַנט.

רופט זיך אָפּ איין פּראָסט צום אַנדערן:

— ברודער פּראָסט, רויטער־נאָז, לאָמיר זיך אַביסל פריילאך מאכן, גוט דורכפרירן די מענטשן!

ענטפערט דער צווייטער:

— ברודער פּראָסט, בלויער־נאָז, אויב מיר ווילן די מענטשן דורכפרירן, דאַרפן מיר פריער פון פעלד אַרוים. דאָ זיינען אַלע שטעגן פאַרוויט, אַלע וועגן פארשנייט, מע קען ניט דורכגיין, ניט דורכפאָרן. לאָמיר בעסער אַ לויף טאָן אין געדיכטן וואלד אריין. דאָרטן איז אפילו ניט אזוי פריי, אָבער מיר וועלן געווים עמיצן אָנטרעפן אויפן וועג און האָבן מער פארגעניגן ווי דאָ.

גערעדט און געטאָן.

און ס׳האָבן זיך אַוועקגעלאָזטביידע פּרעסט, ביידע לייבלאַכע ברידער, אין געדיכטן וואלד אריין. זיי לויפן, כאַפּן אויפן וועג אַ שטיף, אַ שפּרונג פון איין פוס אויפן צווייטן, טוען אַ שנעל איבער די סאָסנעס און יאָדלעס.

דער אַלטער יאָדלע־וואלד קנאַקט, דער סאָסנע־וואלד סקריפּעט.

לויפן זיי אַדורך איבערן ווייסן שניי — שפּרייט זיך אויף אים אַן אייז־קאָרע אוים; קוקט ערגעץ פון אונטערן שניי א גרעזעלע ארוים — גיבן זיי אַ בלאָז אַזוי, אז ס'ווערט באלד מיט פאַטשערקעס באַצויגן.

פלוצלונג דערהערן זיי פון איין זייט — א גלאָק, פון אנ־דערן — א גלעקעלע; מיטן גלאָק פאָרט א פּריץ, מיטן גלעק־עלע — א פויער.

האָבן די פרעסט גענומען זיך אַן עצה האַלטן און זיך מישב זיין, ווער וועמען זאָל פרירן. דער פראָסט, בלויער־נאָז, וואָס איז געווען דער אינגערער, זאָגט: „איך רעכען, אז איך וועל זיך בעסער אַ יאָג טאָן נאָכן פויער, איך וועל אים גיכער דורכנעמען; זיין פּעלצל איז אַן אלטער, א פארלאַ־טעטער; דאָס היטל — דורך און דורך אין לעכער; די לאַפּ־צעס אויף די פים — אַלטע און צעריסענע. דו ברודערל, ביסט דאָך שטאַרקער פון מיר, לויף דו נאָכן פּריץ. זעסט ס'אַראַ טייערן בערן־פּעלץ ער טראָגט? זיין הוט איז א פיקסענע, די שטיוול — פון וואָלפנפעל. ניט פאר מיינע כוחות אים בייצוקומען!

דער פראָסט רויטער־נאָז ענטפערט גארנים. ער שמייכלט נאָר אין בערדל אריין.

— אַי, ברודערל, דו ביסט נאָך יונג! — זאָגט ער — נאָר זאָל זיין, ווי דו ווילסט: לויף דו נאָכן פויער, און איך וועל זיך אַ יאָג טאָן נאָכן פּריץ. פארנאַכט וועלן מיר זיך

ווידער טרעפן, וועלן מיר שוין דערגיין, ווען איז די אר־בעט שווערער צוגעגאנגען. דערווייל זיי געזונט.

— זיי געזונט, ברודער!

ב.

אַ פייף, אַ קנאַק, און ביידע לויפן אוועק.

אַז די זון איז פארגאנגען, האָבן זיי זיך ווידער צוזאמענ־געטראָפן אין פרייען פעלד און גענומען נאָכפרעגן איינער ביים אַנדערן:

— נו, וואָס הערט זיך, דו האָסט מסתמא געהאט גענוג מאַטערניש מיטן פריץ, — זאָגט דער אינגערער, — און ארויסגעקומען איז געווים דערפון גארנישט. און ס׳איז קיין וואונדער ניט, א שווער שטיקל ארבעט אים דורכצונומען...

דער עלטערער שמייכלט זיך רואיק.

— אַך, ברודער פראָסט, בלויער־נאָז, דו ביסט נאָך יונג, און, זאָלסט מיר מוחל זיין, נאָך גאָר אַ גרויסער נאר; איך האָב אים אזוי מכבד געווען, אז ער וועט זיך אזוי גיך ניט דערוואַרימען.

— וואָס הייסט? און זיין פוטער, און דאָס היטל, און די שטיוול?

— דאָס האָט ניט געהאָלפן. איך בין פארקראָכן צו אים אין היטל, אין פוטער, אין די שטיוול און האָב אים גענומען סמאַליען!... ער דרייט זיך, קאָרטשעט זיך טוליענדיק זיך אין פוטער און טראכט זיך: „איכ׳ל אַקאָרשט מיט קיין גליד ניט א ריר טאָן, אפשר וועט מיך דער פראָסט ניט בייקומען”.

אָבער ס׳הייבט זיך גאָרניט אָן! אָט דאָס האָב איך טאַקע געמיינט. איך האָב זיך צו אים אַזוי א נעם געטאָן, אַז ער איז אין שטאָט קוים א לעבעדיקער ארוים פון שליטן... נו, און דו, וואָס האָסטו עפּעס אויפגעטאָן מיט דיין פויערל?

— אַך, ברודער פראָסט, רויטער־נאָז! דו האָסט מיר גוט אָפּגעטאָן, וואָס דו האָסט מיר ניט געגעבן צו פארשטיין, מיט וועמען איך וועל האָבן צו טאָן. איך האָב געמיינט, איך וועל אים, דעם פויערל, פאַרפרירן און צום סוף האָט זיך אויסגע־לאָזן, אז ער האָט מיר גאר אנגעבראָכן די ביינער.

— ווי אזוי קומט דאָס?

— אָט אזוי! ער איז געפאָרן, ווי דו האָסט מסתמא באַ־מערקט, נאָך האָלץ; אויפן וועג האָב איך אים אָנגעהויבן דורכצונעמען. אָבער ער שרעקט זיך ניט אָפּ; פארקערט, ער זידלט זיך נאָך: „אָ. דו פראָסט, אזוינער און אזוינער!"...

— דאָס האָט מיך גאָר פארדראָסן, און איך האָב אים גענומען נאָך מער קנייפּן און שטעכן. אָבער ניט לאנג האָט געדויערט מיין פארגעניגן. ער איז געקומען אויף אָן אָרט, איז ארויסגעקראָכן פון שליטן און האָט זיך גענומען פאר דער האק. איך טראַכט זיך בשעת מעשה: „איצט איז די רעכטע צייט אים דורכצופרירן!" בין איך פארקראָכן צו אים אונטערן פּעלצל און אָנגעהויבן אים צו בייסן; אבער ער, ס׳זאָל אים דאָס אַרן אַ האָר! ער פאָכעט מיט דער האַק אזוי, אַז שפּענדלאך פליען אין אלע זייטן. אַ שוויים האָט פון אים ארויסגעשלאָגן. איך פיל, עס איז שלעכט, איך וועל ביי אים אונטערן פּעלצל נישט אויסהאלטן; צום סוף האָט פון אים

אזש געגומען שלאָגן א פּארע. איך האָב געזען, וואָס גיכער זיך אָפּצוטראָגן. איך שטיי און קלער, וואָס זאָל איך דאָ טאָן? און דער פויער ארבעט און ארבעט, ס'איז אים גאָר היים גע־וואָרן. איך טו אַ קוק — ער ווארפט גאָר מיטאמאָל אראָפּ פון זיך דאָס פּעלצל. דאָ האָב איך זיך דערפרייט: „וואַרט, וואַרט! — טראכט איך זיך — איך וועל דיר שוין ווייזן ווער איך בין!" דאָס פּעלצל איז אינגאנצן נאַס; נו, בין איך אין אים אַריינגעקראָכן, פארקליבן זיך אין אלע זיינע שפּעלטע־לאך און האָב אים אזוי דורכגעפּראָרן, אז ער איז געווארן ממש, ווי א קאָרב. נו פּרוב אַקאָרשט זיך איצטער אָנטאָן!

דער פויער האָט געענדיקט זיין ארבעט און גענומען גיין צו זיין פּעלצל. מיין הארץ צאַפּלט זיך פאר שמחה: איצט וועל איך דאָס אַביסל קלייבן נחת!

דער פויער דערזעט דאָס פּעלצל, הייבט ער דאָס מיך אָן צו זידלען! „זידל זיך, זידל זיך — קלער איך, — אָבער פּטור ווערן פון מיר וועסטו פאַרט ניט!

אָבער ער האָט זיך אויסגעקליבן א לאנגען סענקעוואטן שטעקן און האָט דאָס אָנגעהויבן קלאפּן דאָס פּעלצל! ער קלאפּט דאָס פּעלצל און הערט ניט אויף מיך צו זידלען. איך וויל שוין וואָס גיכער אנטלויפן, האָב איך מיך אָבער אזוי פארפּלאָנטערט אינם וואָל פונם פּעלצל, אז איך קען פון דאָרטן ניט ארויסקריכן! און ער האקט כסדר. קוים מיטן לעבן בין איך אַרויס פון זיינע הענט. איך האָב געמיינט, ס'איז שוין א סוף צו מיינע יאָרן. מיינע ביינער טוען מיר נאָך איצטער ווי..."

מ. חיימסאָן.

# די נויט

אין ברוקלין אין אַ שטיבל,
אָן װענט און אָן אַ דאַך,
האָט זיך געװאױנט אַן אָרימאַן
מיט קינדערלאַך אַ סך.

און דאָרט בײַ זײ אין שטיבל
איז ניט געװען קײן ברױט,
װײַל דאָרט, אין שטיבל, האָט מיט זײ
געװאױנט די בײזע, גרױע נױט.

דער אָרימאַן פֿלעגט אױפֿשטײן
אַז שלאָפֿן פֿלעגט די װעלט,
און גײן צופֿוס ביז אין ניו־יאָרק
פֿאַרדינען עפּעס געלט.

און אַז די זון פֿלעגט אױפֿגײן
און ביז די זון פֿאַרגײט —
די קינדער פֿלעגן װײנען שטאַרק:
— אױ, מאַמע, מאַמע, ברױט!

די מאַמע פֿלעגט דאָס זען
און װײנען שטילערהײט
און טרײסטן אירע קינדערלאַך:
— װאָס דאַרפֿט איר, קינדער, ברױט?

איר ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע
איז אין ניו־יאָרק אַוועק.
ער וועט אייך ברענגען פון ניו־יאָרק
צוויי גרויסע, פולע זעק, —

צוויי פולע זעק מיט חלות,
מיט עפּל און מיט ניס,
מיט קיכעלאַך און שאָקאָלאַד
און טאָרט, ווי האָניק זיס.

די קינדער פלעגן הערן,
זיי האָבן זיך געפרייט,
און פלעגן שוין דעם גאַנצן טאָג
ניט בעטן מער קיין ברויט.

און שטילינקע און גוטע,
געוואַרט ביז שפּעט ביינאַכט
און זען צי דער טאַטע האָט
צוויי זעק אַהיים געבראַכט!

דער אָרימאַן פלעגט קומען
ביינאַכט, פאַרזאָרגט און מיד,
און זאָגן צו די קינדערלאַך:
— היינט האָב איך גאָרנישט ניט.

די קינדער נעמען וויינען:
— אוי, ברויט, אַ שטיקעל ברויט!
דער טאַטע שווייגט, די מאַמע זיפצט
און ווינטשט אויף זיך דעם טויט.

די גרויע נויט ביים אויוון —
זי זיצט זיך אויף איר שטיין,
און זעט אַלץ, און פרייט זיך אַלץ,
און שאַרפט זיך אַלץ די ציין.

נאָר איינמאָל האָט געטראָפן,
געשלאָפן איז די וועלט;
דער אָרימאַן גייט אין ניו־יאָרק
פאַרדינען עפּעס געלט.

אָט ערשט איז ער פון שטיבל
צופוס אַזוי אַוועק, —
און פּלוצלונג קומט ער באַלד צוריק
און טראָגט צוויי פולע זעק.

צוויי פולע זעק מיט חלות,
מיט עפּל און מיט ניס,
מיט קיכעלאַך און שאָקאָלאַד
און טאָרט ווי האָניק זיס.

און נעמט די קינדער וועקן, —
ער וועקט זיי און ער לאַכט:
— שטייט אויף, איר ליבע קינדערלאַך,
זעט וואָס איך האָב געבראַכט!

נו, האָט מען דאָס אין שטיבל
אַביסל זיך געפרייט! —
נאָר ניט געפרייט האָט זיך מיט זיי
די בייזע, גרויע נויט.

פון שרעק איז זי געוואָרן
אַ קליינע, קליינע גריל,
און איז פאַרקראָכן אונטער דיל
און האָט צעוויינט זיך שטיל.

מאַני לייב.



# אָיאַמאַ

## א



עשען איז דאָס אין ברוקלין.

עס איז געווען נאַכט. אין אַ וואַרי־מען ליכטיקן צימער זיינען געזעסן די קינדער. ווילי, אַ אינגעלע פון אַ יאָר אַכט, האָט געבויט אַ הייזעלע פון אַל־טע קאָרטן. העלען, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף, האָט זיך געשפילט מיט איר ליאַלקע — אַ שיינע קוקלע מיט בלאָנדע, אַביסל שוין שמוציקע האָר, און מיט גרויסע, בלויע אויגן. גערופן האָט מען זי: פרינצעסע. זי, די פרינצעסע, איז געווען איינגעוויקלט אין אַ שיינער קאָלדרע, געמאַכט פון שיינעם קאָלירטן זייד. העלען האָט איר גאַנץ ערנסט געראָטן צו גיין שלאָפן, וואָרים ס'איז שוין געווען אַכט אַ זייגער. דער עלטערער ברודער, דייווי, איז געזעסן און האָט געלייענט אַ בוך. די מאַמע האָט עפּעס גענייט.

פלוצלונג האָט עמיצער אַ קלאַפּ געגעבן מיט דער דרוי־סנדיקער טיר, און אַלע האָבן דערהערט, ווי עני, אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן, שרייט מיט גרויס שמחה! „מאַמע, זע, וואָס איך האָב געבראַכט! זע, מאַמע, טייערע!“

אַלע קינדער האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון זייערע פלעצער

און אין שטוב איז אַריינגעלאָפן עני מיט פאַרפלאָמטע בעק־לאַך. אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ קליין שוואַרץ הינ־טעלע, מיט גלאַטע האָר, ווי סאַמעט, און מיט אַ פּאָר שיינע, קלוגע אויגן. ווילי האָט געגעבן אַ שפּרונג און האָט איבער־געקערט זיין קאַרטן־הויז. העלען האָט שוין פאַרגעסן איר געליבטע פּרינצעסע און האָט געטאַנצט לעבן הינטעלע מיט פרייד.

די מאַמע האָט אָבער געמאַכט אַ בייז פּנים און געהייסן באַלד דאָס הינטל אַוועקטראָגן צוריק. עס איז דאָ גענוג צו ראַמען און צו אַרבעטן, אָן אַ הינטל אין שטוב.

עני האָט אָנגעהויבן בעטן, העלען האָט זיך צעוויינט, ווילי האָט צוגעזאָגט אַליין אַכטונג געבן אויפן נייעם פריינד, און די גוטע מאַמע האָט ענדלאַך ניט געקאָנט אַנטזאָגן — דאָס הינטל איז געבליבן אין שטוב.

שפּעטער ווי אַלע מאָל, זיינען אין דער נאַכט די קינדער געגאַנגען שלאָפן. מען האָט דעם גאַסט געקעמט, געוואַשן, געגעבן מילך, געגעבן צוקער, געשפּילט זיך מיט אים, גע־טראָגן אים אויף די הענט, געקושט, געקוואָלן פון זיינע חכמות, און געקריגט זיך איבער אים.

ענדלאַך האָט מען אים אָנגעהויבן צוקלייבן אַ נאָמען. העלען האָט פאָרגעלייגט: „פּרינץ“. דער קליינער מיוחס איז געלעגן אויף דער זיידענער קאָלדרע, לעבן דער פּרינצע־סע. ווילי האָט געזאָגט: „קוראַפּאָטקין!“ דער גאַסט האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. עני האָט אַ געשריי געטאָן:

„אָיאַמאַ!" דאָ האָט זיך דער שטיפער אַ כאַפּ געטאָן פון אָרט, געגעבן אַ שלעפּ מיט זיינע קליינע ציינדלאַך דעם זיידענעם צודעק און האָט אָנגעהויבן מאַכן קונצן. העלען האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק. ווילי האָט געטופּעט מיט די פיס פאַר פרייד, און עני האָט געפּאטשט: „בראַוואָ!" און אַלע האָבן געשריען: „אָיאַמאַ! אָיאַמאַ! אָיאַמאַ!

דער זייגער שלאָגט ניין. אָיאַמאַ שלאָפט ווי א פּרינץ אויף דער זיידענער קאָלדרע. די פּרינצעסע קוקט אויף אים מיט אירע צוויי קאַלטע, גלעזערנע אויגן. און די קינדער זאָגן שטיל: „אַ גוטע נאַכט, אָיאַמאַ, אַ גוטע נאַכט!"

ב

עס איז אַוועק דריי וואָכן.

אָיאַמאַ לעבט אין נחת און אין פריידן. עס איז אים וואַרים און גוט. ער עסט פון דעם בעסטן און טרינקט פון דעם שענסטן. ער איז געוואָרן פעט און קיילאַכדיק. ער האָט נישט קיין זאָרג און איז אַ גוטער ברודער מיט אַלע קינדער, ער איז זייער ליבלינג.

נאָר די מאַמע איז מיט אָיאַמאַן נישט צופרידן. ער פּלאָנטערט זיך איר אונטער די פיס, כאַפּט זיך אָן מיט די ציין און שלעפּט זיך נאָך, ווען עס ליגט גאָרנישט אין זינען מיט אים צו שטיפן. ער שלעפּט דאָס טישטוך אַראָפּ פון טיש און ברעכט גלעזער און שאָלן.

איינמאָל, ביינאַכט, זאָגט די מאַמע צום עלטסטן זון:
„דייווי, נעם די קאַר און פאַרפיר אָיאַמאַן אַזוי ווייט, אַז ער זאָל ניט קענען קומען צוריק.

עני בעט, ווילי טענ׳עט, העלען וויינט — עס העלפט נישט קיין זאַך: דייווי טוט אָן זיין אויבעראָק, וויקלט איין אָיאַמאַן אין אַ שוואַרצן טיכל און גייט... אָיאַמאַ פילט קיין זאַך נישט, פריילאַך און זאָרגלאָז, שפילט ער זיך מיט זיין אַלטן באַקאַנטן דייווי.

די קינדער זעען, אַז די מאַמע האַלט זיך ביי איר וואָרט, און אַז די שטונדע פון צעשיידן זיך איז געקומען, זיצן זיי שטיל און טרויעריק און באַטראַכטן זייער געליבטן אָיאַמאַן צום לעצטן מאָל. ווען, אָבער, דייווי גייט אַרויס, און די טיר גיט אַ קלאַפּ נאָך אים, צעוויינט זיך עני אויפן קול, ווילי מאַכט אַ בייז פּנים, און העלען דריקט צו זיך די פּרינצעסע, און פון איר אויג פאַלט אַראָפּ אַ גרויסע, קלאָרע טרער.

ג

„איסטערן פאַרקוויי" האָט זיך גערופן די גאַס אויף וועלכער דייווי האָט אַרויסגעוואָרפן אָיאַמאַן און איז אַנט־לאָפן. עס איז אַ ברייטע גאַס מיט גרויסעביימער פוןביידע זייטן און אין מיטן שטייט אויף אַ הויכן פונדאַמענט אַ מאָ־נומענט פון גענעראַל סלאָקום, — אַ באַגולדעטער גענעראַל אויף אַ באַגולט פערד.

עס איז געווען אַ פינסטערע קאַלטע נאַכט. אַ שטאַר־

קער ווינט האָט געבלאָזן, און שווערע, שוואַרצע וואָלקנס האָבן באַדעקט די הימלען. איאַמאַ איז געבליבן אַליין... אַ דערשראָקענער, אַ דערפראָרענער איז ער געלאָפן אין אַלע זייטן. ר׳האָט אָנגעשמעקט דייוויס טריט, און האָט זיך גע־לאָזן לויפן. ווען ער האָט זיך אָבער איבערצייגט, אַז אַלע זיינע האָפענונגען זיינען אומזיסטע, האָט ער אָנגעהויבן וויינען ווי אַ קליין קינד. נאָכדעם האָט ער באַשלאָסן זיך זוכן נייע פריינד, און ווער עס פלעגט פאַרבייגיין, פלעגט ער נאָכלויפן, וויינען און בעטן. אָבער ער האָט עטלאַכע מאָל געקראָגן אַ בריק מיטן פוס.

לאַנג האָט איאַמאַ אומגעוואַנדערט אין דער פינסטער. ענדלאַך, אַ פאַרפרוירענער, אַ הונגעריקער, אַ דערשראָקע־נער איז ער צוגעקראָכן צו די טרעפּ, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען דער באַגולדעטער גענעראַל מיטן פערד, האָט אַנידערגעלייגט זיין קעפּל אויפן הארטן שטיין און האָט צו־געמאכט זיינע אויגן. זיין יונג קערפּערל האָט יעדע ווײַלע געגעבן אַ ציטער און זיינע אויגן זיינען געווען פול מיט טרערן.

שפּעט ביינאַכט איז אַ שיכור׳ער טרעמפּ געגאַנגען מיט איסטערן פאַרקוויי צו פּראָספּעקט פּאַרק, וואו ער האָט גע־האָפט צו געפינען פאַר זיך אַ ליידיקע באַנק צום שלאָפן. זיינע קליידער זיינען געווען אַלט און צעריסן, זיינע שטיוול אויסגעטראָטן, און ער האָט געציטערט פאַר קעלט.

לעבן גענעראַלס מאָמומענט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט,

האָט זיך אָנגעבויגן און באַמערקט דעם עלנדן אָיאַמאַ. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים, האָט אים צוגעדריקט צו זיך, און איז געבליבן שטיין אויף די טרעפּ פון דעם מאָנומענט.

דיביימער האָבן גערוישט. דער שטאַרקער ווינט האָט דורכגעריסן די וואָלקנס, און די לבנה האָט באַלויכטן די בייזע היימלאָזע, אַרויסגעוואָרפענע טרעמפּס, וואָס זיינען געשלאָפן אונטער דעם באַגולדעטן מאָנומענט מיט אַ שווערן, אומרואיקן שלאָף...

י. גאָרדין.



# דזשימי



יונגע, פרישע פרימאָרגנדיקע זון האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם פאַר־שטויבן קעלער־פענסטער און האָט זיך פריילאַך צעלאַכט גלייך דזשימין אין פנים אַריין. זיין טונקל־ברוינע הויט האָט אַ גלאַנץ געטאָן אונטער דער לאַכעדיקער זון און זיינע אויגן האָבן זיך פריער, ווי ביי אַ בייבי, פאַרזשמורעט און דערנאָך זיך ברייט אויפגעעפנט.

— היינט איז גראַדואירונג־טאָג! — איז אים דורכגע־לאָפן אין קאָפּ.

עס איז אים גלייך געוואָרן פריילאַך. ער האָט זיך דער־מאָנט אין די גוטע צייכנס, וואָס ער האָט געקראָגן ביים לעצטן עקזאַמען, און זיין לערערן האָט פאַר אַלע שילער אים געלויבט פאַר זיין פלייסיקייט און גוטער אויפפירונג.

— דו ביסט אַ וואוילער יונג, דזשימי! — האָט צו אים געזאָגט דער פרינציפּאַל אַליין נעכטן און האָט אים פריינט־לאַך אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּלייצע.

דזשימין האָט זיך געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון בעט, זיך איבערקוליען, זיך אַ באָרע טאָן מיט עמיצן. די פרייד האָט אים געהויבן פון אָרט. היינט איז דער לעצטער טאָג אין פּאַבליק־סקול! פון היינט אָן הייבט ער שוין אָן צו ווערן אַ גרויסער! נאָר אין קעלער איז געווען שטיל, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, סע מוז נאָך זיין פרי, און די מאַמע זיינע מוז

נאָך שלאָפן אודאי אין צווייטן צימער. האָט ער זיך צוריק אויסגעצויגן אויף זיין מאָגערן צעריסענעם מאַטראַץ. עס איז געווען אַזוי זיס צו ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און ניט דאַרפן זיך איילן, און ניט מורא האָבן צו פאַרשפעטיקן אין קלאַס! און ווי גוט עס איז צו זיין אַ גרויסער.

ער וועט קענען טאָן, וואָס ער וויל, גיין וואוהין אים גלוסט זיך. ער וועט געפינען אַרבעט, וועט אַרויסהעלפן דער מאַמען...

— אוי, איך דאַרף אָפּקערן די שטיגן! — האָט ער זיך פלוצלונג אַ כאַפּ געטאָן, — אפשר איז שוין גאָר שפעט און די מאַמע טוט עס שוין?

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער אַ רוף געטאָן. קיינער האָט ניט געענטפערט. ווייזט אויס, אַז די מאַמע אַרבעט שוין אַרום הויז.

דזשימי האָט זיך אין איילעניש גענומען אָנטאָן. ער האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז זיין שוואַכע מאַמע זאָל דאַרפן טאָן נאָך זיין אַרבעט אויך. יעדן פרימאָרגן, איידער ער פלעגט אַוועקגיין אין סקול, פלעגט ער אָפּקערן פאַר דער מאַמען די שטיגן און דעם טראָטואַר. פאַרוואָס זאָל ער האָבן גראָד היינט פאַרשפעטיקט, ווען ער איז פריי?

— שעמען מעגסטו זיך, דו גרויסער נאַר! — האָט ער אויף זיך אַליין געבייזערט, זוכנדיק די זאַכן. אָבער, ווי אויף צו להכעיס, איז איין זאָק געווען אונטערן בעט, דער צוויי־טער — אונטערן טיש, די שיך האָבן אינגאַנצן געפעלט, און דזשימי האָט זיך אַרומגעיאָגט פון איין ווינקל אין צווייטן

און ניט געקענט, ווי געוויינטלאַך, אָפּזוכן זיין צעזייט און צעשפּרייט אָנטועכץ.

— אויב איך וועל נאָכאַמאָל אין אָונט אַוועקלייגן מיינע זאַכן אויף איין אָרט, זאָל איך...

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שלעכטע זאַך ער זאָל זיך ווינטשן, אויב ער וועט זיין וואָרט ניט האַלטן. ער איז געווען זייער אין כעס אויף זיך.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי, דזשימי? דאַרפסט דאָך היינט ניט גיין אין סקול, — האָט ער דערהערט דער מו־טערס קול.

— אָ, מאַמע! איך דאַרף דאָך אָבער אָפּקערן די שטיגן.

— נישקשה, איך האָב עס שוין אַליין געטאָן.

— צו וואָס האָסטו עס געדאַרפט טאָן? — האָט ער געפרעגט, — דו ווייסט דאָך, אַז איך טו דאָס יעדן טאָג. וזאָסט קאַרג אַרבעט?

— היינט איז דאָך דיין לעצטער טאָג אין סקול, דזשימי. וויל איך דו זאָלסט האָבן יום־טוב.

— מאַמעניו, דו ביסט גוט, ווי גאָלד! — האָט פרייל־אַך אויסגעשריגן דאָס אינגל און מיט איין שפּרונג איז ער שוין געווען צוריק אין בעט.

זיין מאַמע, אַן עלטערע אויסגעדאַרטע פרוי, האָט זיך מיד צוגעזעצט אויף זיין בעטל. דזשימי האָט באַמערקט איר מידקייט און דאָס האַרץ האָט אים פאַרקוועטשט, קוקנדיק אויף איר.

— מאַמע, ווייסט, אָט אין גיכן, גאָר גיך טאַקע, וועל

איך אָוועקגיין אַרבעטן. איך וועל זיך אויסלערנען עפּעס אַ גוטע מלאכה און איך וועל פאַרדינען אַ סך געלט. לאָך ניט, מאַמע, — האָט ער געזאָגט, באַמערקנדיק איר שמייכל, — דו וועסט זען, איך וועל פאַרדינען אַ סך געלט און כ׳וועל קויפן אַ קליינע הייזקע, און דו וועסט דאָרטן וואוינען און זיין די באַלאַבאָסטע, און מיר וועלן דאָרטן האָבן אַ גאָרטן, און בלומען און נאָך זאַכן, און דו וועסט ניט דאַרפן אַרבעטן! איך וועל דיך ניט לאָזן. איך וועל אַלצדינג אַליין באַזאָרגן.

— הלואי זאָל עס אמת זיין, מיין זון, — האָט זי גע־ענטפערט מיט אַ זיפץ, — מיר, שוואַרצע, קענען זייער ווייניק גוטס דערוואַרטן פון לעבן, די ווייסע האָבן אַלץ פאַרכאַפּט פאַר זיך.

— אָבער פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, מאַמע? מיט וואָס בין איך ערגער פון די ווייסע קינדער? איך בין אַזוי גוט, ווי זיי; אין סקול לערן איך זיך ניט ערגער פון זיי, און איך בין אַזוי קלוג ווי זיי, און שטאַרק ווי זיי. וואָס בין איך שול־דיק, אַז איך בין געבוירן געוואָרן מיט אַ שוואַרצער הויט און זיי מיט אַ ווייסער? מאַמע, דו וועסט זען, עס וועט שוין זיין גוט. און דו מוזט היינט גיין מיט מיר אין סקול צום קאָנצערט! אַלע מאַמעס זיינען איינגעלאַדן, האָט די לערערן געזאָגט.

— ניין, קינד, איך וועל ניט גיין. די ווייסע חברה וועלן נאָך חוזק מאַכן פון מיר.

— זאָלן זיי נאַר וואַגן! — האָט זיך דזשימי אָנגע־צונדן פון כעס. — איך וועל זיי שוין ווייזן.

— נו, גוט, גוט, מירן שוין זען. אָבער שטיי שוין אויף, עס איז שוין שפּעט.

די אַלטע איז אַוועק אין קיך צוגרייטן אַ גלאָז קאַווע, און דזשימי האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעטאָן. ער האָט טרויעריק באַטראַכט זיינע פאַרלאַטעטע הויזן און אויסגעקרימטע שיך, און עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז די יום־טובדיקייט פון טאָג איז געוואָרן עפּעס טונקעלער פון אַזעלכע מלבושים. אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט. וואָס זאָל מען טאָן, אַז די מאַמע קען ניט קויפן קיין נייע? ער האָט זיך געטרייסט, אַז אַ בלוזע האָט ער דערפאַר אַ נייע, און די שיך וועט ער אָפּפּוצן, און די הויזן וועט סיי ווי סיי קיינער ניט באַמערקן. — עס וועט שוין זיין גוט, — האָט ער געטראַכט, ווי זיין שטייגער איז געווען.

— מאַמע, — איז ער צו צו דער מוטער אין קיך, — וואו איז מיין נייע בלוזע?

— אָט דאָרטן אויפן שטול הענגט זי, זעסט ניט?

ער האָט אויפגעהויבן די בלוזע און איז געבליבן שטיין אַ פאַר׳חידוש׳טער.

— מאַמע, וועמעס ווייסער אָנצוג הענגט דאָס דאָ? דאָס האָסטו אויסגעוואַשן פאַר עמיצן?

— דאָס איז ניט קיין געוואַשענער, דאָס איז אַ נייער, — האָט זי געענטפערט.

— אָבער פאַר וועמען איז דאָס? און די ווייסע לייווענטענע שיך וועמעס זיינען?

— דאָס איז אַלץ פאַר דיר, — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק אויף אים מיט אַ גליקלאַכן שמייכל.

— פאַר מיר? דו האָסט געקויפט פאַר מיר? וואו האָסטו גענומען געלט?

— וואָס אַרט דיך? איך האָב אָפּגעשפּאָרט. איך האָב ניט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אויסזען היינט אָרימער פון אַנ־דערע קינדער.

טרערן האָבן זיך געשטעלט דזשימין אין די אויגן פאַר פרייד. ער איז צוגעפאַלן צו דער מאַמען האָט איר אַ קוש געטאָן אין דער צעקנייטשטער שווארצער באַק, האָט זי אַרומגענומען און גענומען טאַנצן מיט איר איבערן קיך.

— לאָז שוין אָפּ, משוגענער, לאָז שוין, — האָט זי זיך געוווערט א גליקלאכע און צופרידענע.

— מאַמעניו, דו וועסט זען, איך וועל דיר שוין אָפּדאַנ־קען. דו וועסט זען, עס וועט שוין זיין גוט! — האָט ער אויסגעשריען אַ פריידיקער.

ער האָט געשווינד אראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע זאַכן, האָט זיך איבערגעטאָן אין די נייע און איז צוגעלאָפן צום שפּיגל זיך באַקוקן. אַ פּראַנט! און ער האָט זיך גאָר־ניט וואָס צו שעמען פאַר קיינעם.

ער האָט אָפּגעגעסן איילנדיק און איז אַרויס אין גאַס. אים האָט זיך געוואָלט, אַז אַלע זיינע חברים פון סקול זאָלן אים זען אַן אויסגעפּוצטן; אָבער גראָד, ווי אויף צו להכעיס, איז קיינער נאָך ניט געווען אין גאַס. ער האָט זיך דורכגע־

דרייט אַ פּאָר מאָל פֿאַרן הויז און איז אַוועקגעגאַנגען אין פּאַרק.

עס איז נאָך געווען פֿרי, איז ווייניק ווער געווען אין פּאַרק. וואו ניט וואו איז געזעסן אַ פֿרוי מיט אַ קינדער־וועגעלע. דאָס גראָז אַרום די ביימער איז געווען אַזוי קיל און שמעקענדיק, און דזשימין האָט אַ צי געטאָן זיך אויסצוציען אונטער אַ בוים. אָבער דער נייער אַנצוג האָט אים געשטערט. אַ שאָד שמוציק מאַכן אַזאַ ווייסן שיינעם אַנצוג. ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ ניט געהאַט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ ווײַלע, ביז די זון האָט אָנגעהויבן צו בריען צו שטאַרק, האָט ער אויסגעשפּרייט אַ צייטונג און האָט זיך אויסגעצויגן אויפֿן גראָז אונטער א בוים. דורך דער גרינער נעץ פֿון בלעטער האָט ער געקוקט צום בלויען הימל, צו די ווייסע וואָלקנדלאַך, וואָס זיינען זיך פֿאַמעלאַך געשוואומען, און דזשימי האָט געטראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען, ווען ער קען אַזוי אַ הייב טאָן זיך צום הימל, זיך אַרויפֿכאַפּן אויף אַזאַ דורכזיכטיק וואָלקנדל און אַוועקשווימען מיט אים ערגעץ ווייט, ווייט, אין דעם וואונדערלאַכן לאַנד, וואו יענע גוטע צויבערינס וואוינען, וועגן וועלכע ער האָט געלייענט אין די מעשה׳לאַך.

לאַנג איז ער געלעגן אַ פֿאַר׳חלום׳טער ביז די זון איז צוגעקומען אויך צו זיין באַהעלטעניש און עס איז געוואָרן הייס.

מען דאַרף גאָר צוגיין צום טייך, אפשר וועט מיך עמי־צער אַרויפֿנעמען אויף אַ שיפֿל.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון פּלאַץ און איז פריילאַך אַוועקגעלאָפן צום טייך. די הענט אין די קעשענעס, איז ער זיך געגאַנגען אַרום און וואַסער, צופייפנדיק. ער האָט געוואַרט, אַז אַ באַקאַנטער אינגל זאָל אונטערקומען מיט אַ שיפל, וועט ער זיך אויך אַריינכאַפּן.

— העי, ניגער, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּוצט היינט? — האָט ער דערהערט אַ רוף הינטער זיך.

ער האָט זיך אומגעקוקט. אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון וואַסער, זיינען געזעסן פינף אינגלאַך, אַ ביסל עלטער פון אים, און האָבן שפּאַטיש געקוקט אויף אים.

— וואו האָסטו גענומען אַזאַ נייעם אַנצוג? האָסטו אים אַוועקגע׳גנב׳עט? — האָט אַריינגעוואָרפן אַ צווייטער פון דער חברה.

— העי, ניגער, נאַ דיר אַ שטיקל זייף און וואַש אָפּ דיין שמוציקע צורה! — האָט אַ דריטער צוגעגעבן.

אין דזשימין האָט דאָס בלוט אַ קאַך געטאָן. אָבער ער האָט זיך איינגעהאַלטן.

— האַלטסט ס׳מויל, איר יונגאַטשעס! ווער משפּעט אייך? — האָט ער רואיק געענטפערט.

— העי, ניגער, ווער איז דיין טאַטע געווען, אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט, מסתמא, אַזוי ווי דו? — האָט איינער אַ פרעג געטאָן און די איבעריקע אינגלאַך האָבן זיך פרעך צעלאַכט.

— איר זייט אַליין הינט. מיין טאַטע איז געווען אַ

גוטער, ערלאַכער מאַן! — האָט מיט כעס אַ געשריי געטאָן דזשימי און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי.

זיין כעס האָט פאַרשאַפט אַ בייזע הנאה די אינגלאַך.

— כאַ, כאַ, כאַ, אַן ערלאַכער מאַן! מיר ווייסן אייך, שוואַרצע מאַלפעס. איר זייט אַלע גנבים. זאָג דעם אמת: ווער האָט אָט דעם אָנצוג אַוועקגע׳גנב׳עט, דו צי דיין מאַמע?

אַלע פינף אינגלאַך זיינען איצט געשטאַנען אויף די פיס, אויפגערעגטע, זוכנדיק אַן אויסרייד אָנצוהייבן אַ געשלעג.

— מיין מאַמע איז אַ גנב׳טע? דו געמיינע בריאה, ווי וואַגסטו דאָס צו זאָגן?

דזשימי איז צוגעלאָפן און האָט אָנגעכאַפּט דעם אינגל, וואָס האָט באַליידיקט זיין מאַמען, ביים קאָלנער.

— דער ניגער וויל זיך שלאָגן, דער ניגער וויל זיך שלאָגן, — האָבען זיך אַלע פינף צעלאַכט.

— איני, מיני, מייני, מאָו,
קעטש ע ניגער ביי די טאָו,
איף הי האַללערס, לעט הים גאָו,
איני מיני, מייני מאָו, —

האָט פלוצלונג אויסגעזונגען איינער פון דער באַנדע, אָנכאַפּנדיק דזשימין ביים פוס.

דזשימי האָט אים אַ שליידער געטאָן פון זיך, האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זייער מיט און האָט אויסגעשריגן:

— ווער פון אייך וויל זיך שלאָגן — קום אַרויס! איך בין גרייט זיך צו שלאָגן מיט יעדן פון אייך!

זיינע אויגן האָבן געברענט פון כעס און באַליידיקונג. ער האָט זיך אויסגעבויגן, און זיינע קליינע שטאַרקע הענט מיט די פאַרקוועטשטע פויסטן האָט ער אויסגעשפּרייט פאָרויס, גרייט צו ווערן זיך קעגן זיינע שונאים.

די פינף אינגלאַך האָבן זיך איבערגעקוקט, איבערגעוואונקען און זיך צעלאַכט.

— ווי געפעלט אייך דער ניגער, ער וויל זיך דאָך שלאָגן!

זיי האָבן זיך אַ נעם געטאָן פאַר די הענט און אין אַ רגע האָבן זייערע הענט אין אַ רינג זיך פאַרשלאָסן אַרום דזשימין.

— נו, ניגער, שלאָג זיך! — האָבן זיי שפּאָטיש גענומען טאַנצן אַרום אים, צופּנדיק אים ביי די האָר, ביים נאָז, ביים אָנצוג.

דזשימי האָט דערזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן. מיט אַ בלינדן כעס האָט ער גענומען קלאַפּן מיט די פויסטן אַרום זיך, מערסטנטייל ניט טרעפנדיק קיינעם, ווייל ער האָט זיך ניט געצילט. ווי בייזע חיות זיינען זיינע שונאים געשטאַנען אַרום אים און געריסן און געשלאָגן אים, ניט אַרויסלאָזנדיק אים פון רינג.

— חברה, לאָמיר דעם ניגער אַריינוואַרפן אין וואַסער!

— האָט פלוצלונג אויסגעשריגן איינער פון די אינגלאַך.

— אין וואַסער, אין וואַסער! — האָבן אונטערגעכאַפּט די איבעריקע.

פינף פּאָר הענט האָבן אַ נעם געטאָן דזשימין, וואָס האָט ווילד און פאַרצווייפלט געקעמפט, נאָר זיי זיינען געווען שטאַרקער פון אים.

— נישקשה, ניגערל, וועסט זיך אָפּבאָדן, וועסטו ווערן ווייס! — האָט איינער געשריגן.

זיי האָבן אים דערשלעפּט צום ברעג און מיטן גאַנצן כוח אַריינגעשליידערט אין וואַסער.

— הוראַ! — האָבן זיי אַלע אויסגעפּלאַצט אין אַ ווילדן געשריי.

— וואָס האָט איר געטאָן?

די פינף אינגלאַך האָבן זיך דערשראָקן אומגעקוקט. פאַר זיי איז געשטאַנען אַ אינגל פון זייער עלטער. ער איז געווען הויך און שיין, זיין געזיכט איז געווען בלאַס פאַר אויפרעגונג און די גרויסע בלויע אויגן האָבן געבליצט פאַר כעס.

די אינגלאַך האָבן פאַרשעמט זיך איבערגעקוקט.

— הינט! — האָט דער ניי־געקומענער אַ שפּיי געטאָן אויף זיי און איז צוגעלאָפן צום ברעג צו ראַטעווען דזשימין.

דאָס וואַסער איז געווען ניט טיף. דזשימי איז אַרויפגעשוואומען און איז מיט דער הילף פון דעם ניי־געקומענעם אַרויסגעקראָכן פון וואַסער. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ניט אויפהייבנדיק די אויגן צו קיינעם. דאָס וואַסער איז אין שטראָמען גערונען פון זיינע האָר. פון דעם נייעם אָנצוג, פון די נייע לייוונטענע שיך.

די אינגלאַך זיינען ווי מייז צעלאָפן זיך. נאָר דער ניי־געקומענער איז געבליבן.

— נעם זיך ניט צום האַרצן, דזשימי, — האָט ער גע־זאָגט, — עס וועט זיך אויסטריקענען, און דו האָסט זיך בראַוו געשלאָגן, איינער קעגן פינף, האָסט זיך ניט וואָס צו שעמען.

דזשימי האָט גאָרניט געענטפערט. זיין האַרץ איז גע־ווען פאַרביטערט און צעבראָכן און ס'האָט זיך אים געוואָלט וויינען. אָבער ער האָט שטאָלץ איינגעהאַלטן די טרערן.

— דזשימי, דו קענסט מיך דאָך. איך וואוין דאָס צוויי־טע הויז פון דיר, הערי ראָזנבערג, געדענקסט? לאָמיר זיין פריינט, דזשימי, ווילסט? גיב מיר דיין האַנט, — האָט הערי וואַרים געזאָגט, אַריינקוקנדיק דזשימין אין פּנים.

דזשימי האָט פון אונטערן שטערן אַ קוק געטאָן אין הערים בלויע גוטע אויגן, און הייסע טרערן האָבן זיך, קעגן זיין ווילן, אַ גאָס געטאָן פון זיינע אויגן.

מאַרים זארודין.



# אין זאָאָלאָגישן גאָרטן

נאַכט און רעגן. אַלע חיות
שלאָפן שוין אין שטייג.
נאָר דער פלינקער אויכנהאָרן
שפרינגט פון צווייג צו צווייג.

ליידיק אַלע בענק און ביידלאַך,
אַלע וועגן — נאַס;
קומען זוכן אַ באַהאַלטונג,
היימלאָזע פון גאַס.

זעצט זיך איינער אויף אַ בענקל,
און פון פנים — גיסט;
זיינע הענט — זיי האָבן נאָר וואָס
זיך געשאַרט אין מיסט.

קוקן ערגעץ, ווי דורך גראַטן,
זיינע אויגן טויט,
און פון בוזים אויף די גראָזן
פאַלט אַ שטיקל ברויט.

נאַכט און טרויער. פון די ביימער
שיט אַ רעגן־שטויב,
און פון שלאָף מיט גוואַלדן פלוצלונג
גיט אַ שפרונג דער לייב.

ה. לייוויק.

# דער פאַר׳כשוף׳טער שפּיגל

(א)



אָר לאַנג-לאַנג, אין פאַרצייטיקע יאָרן, האָט אין אַ יאַפּאָנישן דאָרף עטשיגאָ געוואוינט אַ יונג פּאָר-פאָלק. דער מאַן האָט געהייסן מאַטסו-סאַן און דאָס ווייב — דזאָ-סאַן. די יונגע לייט האָבן זיך זייער ליב געהאַט און געפירט אַ רואיק שטיל לעבן.

איינמאָל האָט דער מאַן מאַטסו-סאַן געדאַרפט פאָרן אין דער שטאָט מאַטסו-יאַמאַ צוליב געשעפט. פאַרן פאָרן האָט זיין געליבטע ווייב, די שיינע דזאָ-סאַן, אים געבעטן, ער זאָל איר ברענגען עפּעס אַ מתנה פון וועג.

מאַטסו-סאַן האָט איר צוגעזאָגט.

זיי האָבן זיך האַרציק געזעגנט, און ער איז אַוועקגעפאָרן.

אין מאַטסו-יאַמאַ האָט מאַטסו-סאַן זייער גוט פאַרדינט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער געקומען צוריק אַהיים און מיטגעבראַכט אַסך גאָלד און שיינע גוטע זאַכן.

— און דאָס איז פאַר דיר! — האָט דער מאַן געזאָגט און דערלאַנגט דעם ווייב אַ שפּיגל.

אין יענע יאָרן האָט מען נאָך אין יאַפּאָניע ניט געוואוסט

פון קיין שפּיגל. מענטשן, דערהויפּט יונגע מיידלאַך, פּלעגן זיך אַמאָל אָפּשפּיגלען אין קלאָרן, ריינעם טייך־וואַסער, אָדער אין אַ גלאַנציקער קופּערנער כלי, אָבער דאָס פּנים איז קיינ־מאָל ניט געזען געוואָרן ריכטיק, ווי עס איז אין דער אמת׳ן.

(ב)

ווען די שיינע דזאָ־סאַן האָט דעם קיילאַכדיקן, בליש־טשענדיקן שפּיגל גענומען, האָט זי אין זיין געשליפענעם גלאָז אַ שיינע ליכטיקע צורה דערזען. דאָס איז געווען איר אייגן פּנים, אָבער זי האָט עס ניט געוואוסט.

— וואָס איז עס אַזוינס? ווער שמייכלט עס אַרויס צו מיר אַזוי איידל און צאַרט? — האָט זי דעם מאַן געפרעגט פאַר׳חידוש׳ט.

מאַטסו־סאַן האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ליבע דזאָ־סאַן, דאָס איז דאָך אַ שפּיגל. אין אים שפּיגלט זיך אָפּ אונזער אייגן פּנים. דו זעסט זיך אַליין, דיין אייגן ליבלאַך האַרציק שמייכעלע.

ס׳איז שווער צו באַשרייבן די שמחה פון דזאָ־סאַן. זי האָט געטאַנצט און געשפּרונגען און ניט אַרויסגעלאָזן דאָס שפּיגעלע פון האַנט: געקוקט און געשמייכלט אין אים אַריין און געקליבן נחת, ווי עס בלישטשען איר צוריק די אויגן און עס שמייכלען איר צוריק די ליפּן און עס שיינט צוריק דאָס גאַנצע ליכטיקע פּנים.

— אַך, סאַראַ קלוגע מענטשן די וועלט פאַרמאָגט! — האָט זי אויסגעשריען, — ווי זיי קענען עס דאָרטן אין די

שטעט אָפּמאָלן אַ פּנים פון אַ מענטשן, וואָס זיי האָבן אים קיינמאָל ניט אָנגעזען!...

(ג)

פון יענער צייט אָן איז מאַטסו־סאַנס הויז געווען גע־ראָטן אין אַ שטייגל מיט אַ לוסטיק שפּרינגעדיק פייגעלע. גאַנצע טעג פלעגט די שיינע דזאָ־סאַן האַלטן דאָס שפּיגעלע און איינקוקן זיך אין איר שיינעם ליכטיקן פּאָרטרעט. דערביי פלעגט זי אונטערטאַנצן און אונטערשפּרינגען, און צו איר שמחה איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען.

נאָר אַלץ האָט זיין צייט.

דזאָ־סאַן האָט געבוירן אַ מיידעלע, וועמען די עלטערן האָבן אַ נאָמען געגעבן אי־סאַן. צוגעקומען אַ מענטש, איז צוגעקומען פאַר דזאָ־סאַן אַ פרישע דאגה און פרישע אַרבעט אין שטוב. דעם טייערן אוצר, דעם שפּיגל, האָט זי באַהאַלטן אויפן דעק פון אַ קופערט, און איבערגעגעבן זיך מיט לייב און לעבן, צו דערציען איר טאָכטער.

די טאָכטער איז געוואַקסן און אויסגעוואַקסן אַ שיין מיידל. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די גאַנצע פריילאַכ־קייט און לעבעדיקייט איז אַריבער פון דער מאַמען צו דער טאָכטער. וואָס בלייכער עס זיינען געוואָרן די באַקן פון דזאָ־סאַן, אַלץ רויטער זיינען געוואָרן אי־סאַנס בעקלאַך. זיי זיינען אָבער אַזוי געראָטן געווען איינע אין די אַנדערע, אַז ווען אי־סאַן איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָט דער פּאָטער זייביידן אַריימגענומען און געזאָגט:

— איך האָב איצט צוויי אי־סאַנס — אַ יונגע און אַן עלטערע.

(ד)

אַזוי זיינען אַריבער טעג, חדשים און יאָרן. פאַרביי די צייטן פון פרייד און אָנגעקומען צייטן פון זאָרג.

דזאָ־סאַן איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, פון טאָג צו טאָג איז זי שוואַכער געוואָרן, אירע כוחות זיינען אויסגעגאַנגען, און אַלע האָבן געוואוסט, אַז זי שטאַרבט אַוועק.

— צי וועל איך דיך שוין מער קיינמאָל ניט זען, טייערע מאַמע? — האָט אי־סאַן געוויינט מיט ביטערע טרערן ביי איר קראַנקער מוטער צוקאָפּנס.

— מיין קינד, — האָט דזאָ־סאַן געענטפערט, — וועסט מיך זען, וועסט מיך אייביק זען, ווען דו וועסט נאָר וועלן. איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר, נאָר דו וועסט מיך ניט זען אַזעלכע ווי איצט, אַן אַלטיטשקע, אַ קראַנקע; דו וועסט מיך זען אַזעלכע, ווי דו האָסט מיך געזען אַמאָל, ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קליינינקע! דו געדענקסט, ווען דו ביסט נאָך געווען גאָר אַ קינד, בין איך געווען פריילאַך, יונג און שיין, ווי דו איצט. איצט בין איך אַלט און דער גלאַנץ פון מיין פּנים איז אַראָפּ. ווען איך וועל שטאַרבן, עפן אויף דעם קופערט, וועסטו אויפן דעק געפינען אַ שפּיגעלע. אין יענעם שפּיגעלע איז פאַראַן מיין פּאָרטרעט. ער איז געמאַכט געוואָרן, ווען איך בין נאָך געווען גאָר יונג און שיין. ווען דו

וועסט זיך פאַרבענקען נאָך מיר, זאָלסטו נעמען דאָס שפּי־געלע און איינקוקן זיך אין מיין בילד.

דזאָ־סאַן האָט דאָס געזאָגט און איז געשטאָרבן.

(ה)

לאַנג האָט אי־סאַן געוויינט און געטרויערט. זי האָט ניט געקענט טרייסטן זיך נאָך איר געשטאָרבענער מוטער. נאָר נאָכדעם האָט זי זיך דערמאָנט איר מוטערס ווערטער וועגן דעם פּאָרטרעט.

זי האָט אויפגעעפנט דעם קופערט און אַרויסגעצויגן דעם טייערן גלאַנציקן אוצר, וואָס איז געלעגן איינגעפּאַקט אין אַ שיין רעמעלע.

ווען זי האָט דעם פּאָרטרעט דערזען, האָט זי אַזש אויס־געשריען פון גרויס פרייד.

אויף איר האָט געקוקט מיט פריילאַכע און גליקלאַכע אויגן איר מוטער; ניט די קראַנקע אַלטע מוטער, נאָר די יונגע, לוסטיקע, וועמען אי־סאַן האָט געדענקט פון די יונגע קינדערשע יאָרן, שוין לאַנג־לאַנג...

אי־סאַן האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון שפּיגל. זי האָט געקושט דער מוטערס פּנים, איינגעגעסן זיך אין אים מיט די אויגן און געטאַנצט און געשפּרונגען פון שמחה.

און פון דאַמאָלסט אָן האָט אי־סאַן אָנגעהויבן פאַר־ברענגען גאַנצע טעג מיטן פאַר׳כשופ׳טן שפּיגל. זי האָט זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקן אויף איר ליבער טייערער מוטער. זי פלעגט שטענדיק ריידן מיט איר. די מוטער

פלעגט איר גאָרניט ענטפערן, אָבער זי, אי־סאַן, פלעגט באַ־מערקן נאָכן שמייכל און גלאַנץ פון אירע אויגן, אַז די מוטער פאַרשטייט איר.

אַזוי זיינען אַדורכגעגאַנגען יאָרן.

(ו)

איינמאָל האָט זיך אין דאָרף אָפּגעשטעלט אַ גייסטלאַ־כער: דער חכם פון דער גרויסער געטין קאַ־נו.

דער גייסטלאַכער האָט דערזען, ווי אי־סאַן קוקט אין שפּיגל און לאַכט צו אים און רעדט מיט אים.

— וואָס טוסטו? — פרעגט ער זי.

— איך רייד מיט מיין טייערער מוטער! — ענטפערט אי־סאַן, — איך קוק אויף איר פּנים און פריי זיך זעענדיק, ווי זי איז גליקלאַך און פריילאַך.

— און וואו איז דיין מוטער? — האָט דער גייסטלאַ־כער ווידער געפרעגט.

— מיין מוטער איז געשטאָרבן! — האָט אי־סאַן גע־זאָגט, — נאָר זי האָט מיר אין רעמל איר פּנים געלאָזן, כדי איך זאָל זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

— דו קינד, נאַריש קינד! צי איז דאָס דיין מאַמעס פּנים? דאָס איז דאָך אַ שפּיגל. אין אים שפּיגלט זיך אָפּ, פּונקט ווי אין קלאָרן טייך־וואַסער, דיין אייגן פּנים!

אי־סאַן האָט אָנגעשטעלט אויערן און אויגן. זי האָט ניט געוואָלט גלייבן.

דער הייליקער האָט ווייטער גערעדט:

— גיב מיר נאָר אַהער, ליב קינד, דעם שפּיגל.

אי־סאַן האָט דערלאַנגט דעם הייליקן דעם שפּיגל. אירע הענט האָבן דערביי געציטערט.

דער גייסטלאַכער האָט אָנגעשטעלט דעם שפּיגל אַנט־קעגן זיין אייגן פּנים.

— שטעל זיך הינטער מיר און קוק זיך איין.

אי־סאַן האָט זיך געשטעלט.

— וואָס זעסטו דאָרט?

— איך זע דיך, הייליקער, און הינטער דיר מיין מו־טער... מיין אייגן פּנים!

אי־סאַן האָט עס אַרויסגערעדט און געפאַלן אין חלשות.

(ז)

ווען מ׳האָט אויפגעמונטערט די קליינע אי־סאַן, האָט זי אָנגעהויבן קלאָגן און יאָמערן:

— מאַמע, טייערע מאַמע! איצט ערשט האָב איך דיך אַ צווייט מאָל פאַרלאָרן, שוין אויף אייביק פאַרלאָרן.

עס זיינען געקומען אירע פריינדינען און זי געטרייסט, אָבער זי האָט קיין טרייסט ניט אָנגענומען. איר פאָטער האָט זי געפּרואווט באַרואיקן, אָבער זי האָט זיך ניט באַרואיקט.

*

און די געטין קאַ־נו האָט צוגעקוקט אַלץ, וואָס דאָ איז געשען, און זי האָט דעם הייליקן פאַרשאָלטן, פאַרוואָס ער האָט ביי דער קליינער אי־סאַן איר טרייסט צוגענומען.

ראַקאָווסקי—קאַפּלאַן.

# דער צויבערמאַן

קומט דער גוטער צויבערמאַן
אויף אַ גילדערנעם געשפּאַן;
האָט ער אויגן מילד און שוואַרץ
און אַ דימענטענעם האַרץ.
שטעלט ער זיך אין מיטן מאַרק,
הייבט ער אָן צו רופן שטאַרק:
— כ'האָב מתנות אַלערליי,
קומט און קלייבט זיך אויס פון זיי.

ווערט אַ טומל און געלאַף,
זעלטן מאַכט זיך אַזאַ טראַף;
איילט זיך יעדער צו דעם גליק,
בלייבט אַ קינד ניט אין דער וויג.
זאָגט דער צויבערמאַן און לאַכט:
— כ'האָב פון אַלצדינג מיטגעבראַכט;
זאָגט מיר יעדער זיין באַגער,
איין באַגער נאָר און ניט מער.
האָט איר צייט אַ פערטל שעה
און דערנאָך בין איך ניטאָ.

— איין באַגער נאָר און ניט מער,
אויסצוקלייבן זייער שווער.
קלער אַהער און קלער אַהין,
פּאָלג אַ גאַנג מיך און געפין,
וואָס איז בעסער: דאָס צו יענץ —
שרייען אַלע ווי די גענז.

פון די אַלע מענטשן פיל
וויים ניט איינער, וואָס ער וויל.
זיינען אַלע אין אַ קלעם.
פרעגט מען יענעם, פרעגט מען דעם.
— וואָס נעמט ער? און וואָס נעמסטו?
און אין מיטן: טרו־טרו־טרו!
בלאָזט אַ זילבערנער טראָמפּייט,
און פאַרשוואונדן שטילערהייט
איז דער גוטער צויבערמאַן
מיט דעם גילדערנעם געשפּאַן.

יהואָש.



# דער רעגן



ע ר זון פון הימל, דער קיסר לי־אָ־אַ, איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין פּאַרצעלייענעם פּאַלאַץ.

ער איז געווען זייער יונג, דעריי־בער איז ער אויך געווען גוט. ער איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט פּראַכט און גלאַנץ. דאָך האָט ער קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו קלערן וועגן די אָרימע און אומגליקלאַכע פון זיין לאַנד.

איינמאָל איז אַ רעגן געפאַלן. טייכן האָבן זיך געגאָסן. דער הימל האָט געוויינט, און קוקנדיק אויף אים האָבן זיך פון דיביימער און בלומען אויך טרערן געגאָסן.

אַן אומעטן איז אָנגעפאַלן אויפן קיסר, און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— שלעכט איז יענע, וועלכע האָבן קיין הוט ניט אין אַזאַ רעגן דעם קאָפּ זיך צו באַדעקן!

און ניט קלערנדיק, האָט ער זיך געווענדט צו זיין קאַמערהער:

— איך וואָלט זייער געוואָלט וויסן, וויפיל אַזעלכע אומ־גליקלאַכע עס געפינען זיך אין מיין הויפּטשטאָט פּעקין.

דזונג־כי־דזונג האָט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, אַ פאַל געטאָן אויף די קני און געענטפערט:

— ליכטיקע זון! צי איז דאָ עפּעס אימעגלאַכעס פאַרן

הערשער פון די הערשערס? נאָך ביזן זון־אונטערגאַנג וועט דיין וואונטש דערפילט ווערן!

דער קיסר האָט גנעדיק אַ שמייכל געטאָן, און דזונג־כי־דזונג האָט זיך ווי אַ פייל פון בויגן אַ לאָז געטאָן צום ערשטן מיניסטער סאַן־טשי־סאַנו און מיט אומרו געזאָגט:

— אונזער הערשער, דעם טאַטן פון מאָרגנשטערן, באַ־אומרואיקן די אַלע, וועלכע גייען אַרום אָן אַ הוט אין אונזער פעקין, און ער וואָלט נאָך היינט געוואָלט וויסן, ווי גרויס עס איז די צאָל זייערע.

— עס געפינען זיך דאָ ביי אונז גענוג אַזעלכע טויגע־נישטן! — האָט געענטפערט סאַן־טשי־סאַנו. — פונדעסט־וועגן...

און ער האָט גלייך געהייסן רופן צו זיך דעם ראַט פון שטאָט, פאַי־כי־וואָ.

— שלעכטע נייעסן זיינען פון הויף אָנגעקומען! — האָט ער געזאָגט, ווען פאַי־כי־וואָ האָט איינגעבויגן זיין קאָפּ אַלס סימן פון אויפמערקזאַמקייט. — דער הערשער פון אונזערע לעבנס האָט באַמערקט אומאָרדנונגען.

— ווי? — האָט מיט גרויס שרעק אויסגעשריען פאַי־כי־וואָ — צי עקזיסטירט דען דאָ ניט אַ שיינער באַשאָטנטער גאָרטן, וואָס פאַרשטעלט פעקין פון דעם קיסרס פּאַלאַץ?

— איך וויים ניט ווי אַזוי עס האָט געטראָפן, — האָט געענטפערט סאַן־טשי־סאַנו, — נאָר זיין מאַיעסטעט באַאומ־רואיקן די אַלע טויגענישטן, וועלכע גייען אַרום אין אַ רעגן

אָן הוטן. ער וויל נאָך היינט וויסן די צאָל פון זיי אין פעקין. גיב גליייך אַ פאַראָרדנונג!

— מען זאָל צו מיר גליייך ברענגען דעם אַלטן כלב כואַרדזונגען! — האָט אין אַ מינוט אַרום פאַראָרדענט פאַי־כי־וואָ.

און ווען דער אָנפירער פון דער שטאָט־פּאָליציי איז צו אים געקומען, אַ בלאַסער פון שרעק, איז דער מאַנדאַרין אָנגעפאַלן אויף אים מיט די פאַרשידנסטע קללות.

— דו פּוסטער קאָפּ, דו טויגענישט, דו פאַרעטער! דו ווילסט, אַז מען זאָל אונז אַלעמען, מיט דיר צוזאַמען, אָנטאָן אַ שטריק אויפן האַלז!

— דערקלער מיר די סיבה פון דיין צאָרן, — האָט זיך געבעטן כואַרדזונג, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אונטער די פּיס פון מאַנדאַרין, — איך וויל פאַרשטיין דיינע טרייסט־ווערטער, אַנדערש וועט די שפּראַך פון דיין חכמה זיין פון מיר פאַרבאָרגן אויף אייביק!

— אַלטער כלב איינער! דו האָסט באַדאַרפט חזירים פּאַשען, איידער זיין אַן אויפזעער פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט! דער הערשער פון כינע האָט באַמערקט, אַז ביי דיר אין שטאָט איז אַן אומאָרדענונג: איבער די גאַסן שלעפּן זיך אַרום אויסוואורפן, וואָס האָבן אַפילו קיין היטל ניט אָנצוטאָן אין אַ רעגן־צייט, זאָלסט מיר ביז ביינאַכט געבן צו וויסן וויפיל אַזעלכע געפינען זיך אין פעקין.

— אַלץ וועט זיין דערפילט אין דער גרעסטער אָרדע־

נונג, — האָט געענטפערט כואַר־דזונג, בשעת ער האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגעקלאַפּט מיטן קאָפּ אָן דער פּאָדלאָגע.

אין אייניקע סעקונדן אַרום איז ער שוין אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט, געטראָטן מיט די פּיס די פּאָליציי, וואָס האָט זיך גלייך געהאַט צונויפגעקליבן אויפן געוואַלט פון זייער האַר, דעם גאָנג.

— איר אויסוואורפן! אַ העלפּט פון אייך וועל איך אויפהענגען און די צווייטע העלפּט וועל איך אויסבראָטן אויף הייסע קוילן! אַזוי גיט איר אַכטונג אויף דער שטאָט! אין אַ רעגן־צייט גייט מען ביי אייך אַרום אָן הוטן אין די גאַסן! אין פאַרלויף פון אַ שעה זאָל מען אויסכאַפּן אַלע די, וואָס האָבן קיין הוטן ניט!

די פּאָליציי האָט זיך גלייך גענומען אויסצופירן דעם שטרענגען אָנזאָג. אַ גאַנצע שעה האָט געדויערט דאָס געיעג איבער פּעקין.

— האַלט אים! כאַפּט אים! — האָט געשריען די פּאָ־ליציי, נאָכיאָגנדיק זיך נאָך די, וואָס האָבן קיין הוטן ניט געהאַט.

זיי האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון הינטער אַלע פּלעצער, פון הינטער אַלע טויערן פון אַלע הייזער — מיט איין וואָרט, מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון אַלע ערטער, וואו נאָר די הוילקעפּיקע האָבן זיך באַהאַלטן.

און אין אַ שעה אַרום, אין איין מינוט, זיינען אַלע הויל־קעפּיקע געשטאַנען אין תפיסה־הויף.

— וויפיל זיינען זיי? — האָט געפרעגט כואַר־דזונג.

— צוואַנציק טויזנט אַכט הונדערט איין־און־זיבעציק,
— האָבן די פּאָליציאַנטן געענטפערט, בוקנדיק זיך ביז דער ערד.

— די תלינים! — האָט פאַראָרדנט כואַר־דזונג.

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיינען שוין 20,871 קיטייער געלעגן אָן קעפּ אויף דעם תפיסה־הויף.

די 20,871 קעפּ זיינען געוואָרן אַרויפגעשטעקט אויף פּיקעס און אַרומגעטראָגן איבער דער שטאָט, אַלע זאָלן זעהן און מורא האָבן. כואַר־דזונג איז באַלד אַוועק מיט אַ באַריכט צו פאַי־כי־וואָ, פאַי־כי־וואָ איז אַוועקגעגאַנגען צו סאַן־טשי־סאַנו, און סאַן־טשי־סאַנו האָט וועגן דעם געמאָלדן צו דזונג־כי־דזונג.

עס האָט אָנגעהויבן נאַכט צו ווערן. דער רעגן האָט אויפגעהערט. אַ לייכט ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן אויף די ביימער. בריליאַנטענע טראָפּנס האָבן אַראָפּגעטריפט פון די ביימער און געפאַלן אויף די שמעקנדיקע בלומען.

אין גאַנצן גאָרטן האָט געהערשט דער בעסטער ריח. לי־אָ־אַ איז געשטאַנען ביים פענסטער פון זיין פּאָרצעלייענעם פּאַלאַץ און זיך געקוויקט מיט דעם שיינעם בילד.

נאָר זייענדיק יונג און גוט, האָט ער אין דעם אויגנבליק אויך ניט פאַרגעסן זיינע אומגליקלאַכע.

— דו האָסט זיך דאָך געוואָלט דערוויסן, — האָט ער זיך געווענדט צו דזונג־כי־דזונג, — וויפיל מענטשן ביי אונז אין פּעקין האָבן קיין היטלען ניט, כדי זיך צו פאַרדעקן פון רעגן?

— דער ווילן פון גרויסן הערשער פון דער וועלט איז דערפילט געוואָרן! — האָט געענטפערט מיט אַ נידעריקן נייג דזונג־כי־דזונג.

— זאָג דעם אמת! וויפיל האָסטו אָנגעציילט אַזעלכע?

— אין גאַנץ כינע איז ניטאָ קיין איין מענטש, וואָס זאָל ניט האָבן קיין הוט אָנצוטאָן אין אַ רעגן־צייט. איך שווער דיר, אַז איך זאָג דעם ריינעם אמת!

און דזונג־כי־דזונג האָט אויפגעהויבן די האַנט און איינגעבויגן דעם קאָפּ אַלס סימן פון אַ היילקער שבועה.

דאָס פּנים פון גוטן קיסר האָט זיך באַלויכטן מיט אַ גליקלאַכן און פריילאַכן שמייכל.

— אַ גליקלאַכע שטאָט! אַ גליקלאַך לאַנד! — האָט ער אַ געשריי געטאָן, — און ווי גליקלאַך בין איך, וואָס אונטער מיין הערשאַפט פילן זיך אַלע גליקלאַך!

און אַלע אין הויף זיינען געווען גליקלאַך, זעענדיק דאָס גליקלאַכע פּנים פון זייער הערשער.

סאַן־טשי־סאַנו, פאַי־כי־וואָ און כואַר־דזונג האָבן באַקומען אָרדנס פון גאָלדענעם דראַכם פאַר זייער טרייקייט און זאָרג פאַר זייער פאָלק.

ו. מ. דראָשעוויטש.



# דאָס פלאַטערל און דער וואָרים

געזעסן איז אַ פלאַטערל
אין גאָרטן אויף אַ קווייט;
ערשט מיט אַמאָל — פון ווייטן קריכט
אַ וואָרים שטילערהייט.
— דו וואָרים, וואָרים, ווערימל,
וואָס קריכסטו דאָ אַהער?
דו ציסט זיך און דו מאַטערסט זיך,
דיר איז דאָך נעבאַך שווער!...
— איך קריך אַהער — מיר ווילט זיך זען
ווי פרעכטיק איך וועל זיין,
ווען איך וועל אויך אַ פאַרביקער,
אַרומפליען אין שיין.
— דו רעדסט דאָך, וואָרים, מאָדנע רייד,
מען קען דיך ניט פאַרשטיין!
דו ביסט דאָך אַזאַ מיאוסער —
און איך בין אַזוי שיין...
— איז וואָס? דו ביסט דאָך אויך געווען
אַ וואָרים פונקט ווי איך...

— — — — — — — — — — — — —

אַוועקגעפלויגן איז פאַרשעמט
דאָס פלאַטערל אויף גיך...

נחום י.

# דער לייב און דער העלפאַנט



ין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן, אויף אַ ווייטן פּלאַץ, וואָס איז אַרומגעצוימט מיט אייזערנע שטאַנגען, איז אַרומגעגאַנ־גען, שווער רירנדיק זיין אומגעהייערן קערפּער, דער גרויסער העלפאַנט.

פאַר די שטאַנגען אַרום און אַרום איז געשטאַנען אַ גרויסער עולם, אַלט און יונג, מענער, פרויען און קינדער. אַלע האָבן זי געשטופּט צו זען, ווי דער געפאַנגענער ריז מאַכט קונצן.

„טו דיך אַ בוק!" האָבן זיי צו אים געשריגן.

און דער גרויסער העלפאַנט האָט אַרומגעוואָרפן מיט זיין לאַנגער נאָז, געשאָקלט דעם שווערן קאָפּ, געדרייט מיט די אויגן, געקלאַפּט מיט די אויערן און געמאַכט זיינע קאָמ־פּלימענטן מיט זיין ריזן־פוס. די מענטשן האָבן געלאַכט, געפרייט זיך און דערלאַנגט אים שטיקלאַך צוקער און שטיק־לאַך ברויט. און דער העלפאַנט פלעגט אַריינוואַרפן די אויסגעבעטענע שטיקלאַך אין זיין ווייטן האַלז אַריין און בעטן נאָך, בוקנדיק זיך און ברעכנדיק זיך.

ניט ווייט פון דעם גרויסן פּלאַץ, אויף וועלכן דער העל־פאַנט האָט לוסטיק געמאַכט די מענטשן, איז אַרומגעלאָפן

דער לייב אין זיין אייזערנער שטייג. און דער לייב איז שטאַרק צעטראָגן געווען: ער האָט דערקאָנט אין דעם העלפאַנט זיין בעסטן גוטן פריינד.

זיי זיינען ביידע אויסגעוואַקסן אין איין וואַלד און גע־וועזן צוערשט גרויסע שונאים. אָבער אַז זיי האָבן איינער דעם אַנדערן נישט געקאָנט בייקומען, ווייל זיי זיינען ביידע געווען גלייך שטאַרק און קלוג, האָבן זיי געמאַכט שלום און זיינען געוואָרן, ווי אַנדערע צוויי. מען האָט זיי שטענדיק נאָר צוזאַמען געזען. איינער אָן דעם אַנדערן האָט קיין שריט ניט געמאַכט, אפילו פון דאַנען אַהער. און דער וואַלד האָט געזאָגט, אַז די ביידע מיט זייער כוח און מיט זייער שכל וועלן באַהערשן די וועלט.

און איינמאָל זיינען זיי ביידע געפאַנגען געוואָרן. דער מענטש האָט זיי צעשיידט און פאַרפירט אין באַזונדערע לענ־דער. אין א סך מענאַזשעריען איז שוין דער לייב איבער־געווען פאַר דער צייט, אַרומגעפאָרן צוזאַמען מיט העלפאַנדן, אָבער זיין פריינד האָט ער נישט געטראָפן. און איצט, אַז ער האָט אים דערזען, איז אים דער פרייד אויסגעשריי גע־בליבן שטיין אין האַלז.

„איז עס מעגלאך, אַז דאָס איז מיין פריינד?“ — האָט ער געטראַכט, — „אָט־אָ דער קונצנמאַכער, דער בעטלער, דער פּאַיאַץ?!“

ער האָט זיך אויפגעהויבן אויף ביידע פאָדערשטע פיס, אָנגעשפּאַרט זיך אָן די שטאַנגען און אויסגעברילט זיין פריינדס נאָמען, און געוואָלט האָט ער, אַז ער זאָל אַ טעות

האָבן, אַז דאָס זאָל זיין אַן אַנדערער העלפאַנד, ניט זיין פריינד.

אָבער דער העלפאַנד האָט אַ קוק געטאָן אַהין, פון וואַנען זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערן, און אָפּגעברילט מיט שמחה: „דו?!" — ער האָט אויך דערקאָנט זיין אַלטן פריינד.

„ביסטו עס טאַקע, מיין פריינד דער העלפאַנד?" — האָט דער לייב געזאָגט מיט אַ טרויעריק קול — „ווײ מיר, וואָס איך זע דיך אַזוי!"

„יאָ" — האָט אָפּגעזיפצט דער העלפאַנד און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. — „ווײ אונז, וואָס מיר זעען זיך אַזוי!"

„דו זאָלסט אַזוי טיף פאַלן!"

דער העלפאַנד האָט אָנגעשטעלט אויערן און אויגן.

„וואָס מיינסטו דערמיט?" האָט ער געפרעגט.

„וואָס זאָל איך דערמיט מיינען? דו, דער גרויסער העלפאַנד, מיין חבר — אַ קונצנמאַכער, אַ פּאַיאַץ, אַ בעטלער, אַ טעלער-לעקער?..."

„אַך, אַזוי מיינסטו עס?" — ער האָט זיך אַביסל באַליידיקט און איז גלייך געוואָרן שטעכעדיק. „יאָ, מיר האָט מען עפּעס דערציילט וועגן דיר, אַז דו ביסט געווען אין אַ צירק, געשפּרונגען דורך רייפן, געטאַנצט אויף פערד, געבראָכן זיך... מיט איין וואָרט — אַ פּאַיאַץ, אַ קונצנמאַכער..."

„דו ליגסט!" — האָט דער לייב אויסגעברילט. — „איך בין קיינמאָל נישט געווען דאָס, וואָס דו זאָגסט. איך בין געשפּרונגען דורך רייפן, געטאַנצט אויף פערד, אָבער מיט

ביטשן האָט מען מיך געטריבן און מיט רעוואָלווערן. איך האָב מיך אָבער נישט דערנידעריקט, נישט געבעטלט קיין ברויט און צוקער און נישט לוסטיק געמאַכט דעם עולם פון גוטן ווילן. איך האָב מיך אויפגעפירט, ווי אַ לייב, און צו־לעצט האָב איך אָפּגעטרייסלט פון זיך די מורא פאַרן רעוואָל־ווער. דאַן האָט מען מיך פאַרזעצט אַהער אין שטייג. די אייזערנע שטאַנגען זיינען צו שטאַרק פאַר מיר, אָבער די, וואָס האַלטן מיך געפאַנגען, ציטערן פאַר מיר. אַ געפאַנגע־נער קעניג בין איך, אָבער דאָך אַ קעניג!"

„נאַ," — האָט דער העלפאַנד געזאָגט, — „איך דענק אַנדערש. איך זאָג מיר: ביסטו געפאַנגען, זיצסטו הינטער אייזערנע שטאַנגען, וואַרטסטו אויף נדבות, טאָ מאַך־זשע נישט, ברודערקע, קיין קוראַזש."

„מיאוסער שקלאַף!" — האָט אויסגעברילט דער לייב, — „דיינע קייטן זיינען פאַר דיר, ווי אָנגעמאָסטן!"

און מיט אַן עקל האָט זיך דער לייב אָפּגעקערט פון זיין אַמאָליקן פריינד, האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און אַרויפגעלייגט זיינע גרויסע לאַפּעס אויף זיין קעניגלאַכן קאָפּ.

דוד פינסקי.



# אַ שטיבל

צווישן בערג און צווישן טאָלן,
נאָענט פון אַ בלויען ים,
שטייט אַן איינזאַם שטיבל —
און אַרום פון האָלץ אַ צאַם.

מאַכט זיך אָבער, ווער פאַרבלאָנזשעט,
פירט א סטעזשקע אים אַהין;
בלויע בלימעלאַך ביי די זייטן
און אַרום איז טונקל גרין.

האָט דאָס שטיבל קליינע פענסטער,
און אַן אַלטע גרויע טיר;
שטעלט זיך אָפּ ביי איר דער מידער
און ער טוט אַ קלאַפּ אין איר:

— עפנט אויף אַ מידן מענטשן, —
רופט ער מיט זיין מידן קול, —
עפנט אויף אַ מידן מענטשן, —
חזר'ט איבער באַרג און טאָל.

עפנט זיך די טיר פאַנאַדער,
ווייזט זיך באַלד אַ בלאָנדער קאָפּ,
שמייכלט פריינטלאַך אים אַנטקעגן,
נעמט פון אים דעם פּאַק אַראָפּ.

בלאָנדע לאָקן, רויטע באַקן,
און די אויגן — גאָט, ווי בלוי!
לויפט געשווינד אין שטאַל דערנעבן,
ברענגט פאַר אים אַ בינטל שטרוי.

אַלע ווענט מיט פעל באַצויגן,
דורכן פענסטער רוישט דעם ים.
אין אַ ווינקל אויפן אויוון
פלאַקערט אויף אַ רויטער פלאַם.

שטעלט דאָס מיידל צו אַ טעפּל,
מאַכט אַ סעודה פאַר אים גרייט;
אין אַ ווינקל לעבן אויוון,
ליגט די קאַץ צונויפגעדרייט.

קוקט צו אַלץ זיך צו דער מידער,
ווערט אים אויפן האַרצן גוט,
שליסט ער זיינע מידע אויגן,
דרימלט איין אויף אַ מינוט.

ביז דאָס בלאָנדע, גוטע מיידל
ציט זיין אַרבל ביי אַ ברעג.
זעצט ער זיך צום טיש געגרייטן,
בענטשט דאָס שטיבל אויפן וועג.

ז. וויינפּער.

# אַן אומזיסטער חשד

## א.



יידע זיינען נאָך געווען קינדער. זי, ראָזעלע, צען יאָר, און ער, מאָרים, צוועלף יאָר אַלט. ביידע האָבן געוואוינט אויף איסט בראָדוויי, אַ הויז לעבן אַ הויז. זי מיט אירע עלטערן האָבן פאַרנומען צוויי שטאָק מיט אַ סך פענסטער, ליכט און לופט; ער מיט זיינע עלטערן האָבן פאַרנומען אַ פינסטערן פייכטן קעלער מיט אַ סך רויך. איר פאָטער איז געווען אַ רייכער אַרויפגעאַרבעטער „ריעל עסטייטניק"; זיין פאָטער — איז אַ שוסטער, א לאַטוטניק.

זי האָט אויסגעזען ווי אַ פרישע בלום, געווען פול, רונד און ווייס, מיט אַ פריילאַך פּנים'ל; ער איז געווען דאַר, מיט אַ שפּיציקן גוף און מיט אַ פּנים'ל בלייך, לאַנג און אויסגעצויגן.

זיי האָבן ביידע ליב געהאַט מוזיק. זי האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ און ער האָט געזונגען. האָט זי געשפּילט, איז ער געשטאַנען אונטער די פענסטער פון אירע עלטערנס הויז און זיך צוגעהערט מיט אַ קלאַפּנדיק הערצעלע. האָט ער געזונגען, איז זי געשטאַנען לעבן קעלער, האָט זיך צוגעהערט צו זיין האַרציקן קול, און איר פריילאַך פּנים'ל האָט נאָך פריילאַכער געשמייכלט.

און איינמאָל, אַז זיין זים קול האָט זיך געגאָסן פון דעם טונקעלן שוואַרצן קעלער, איז זי געשטאַנען אין דרויסן מיט אַן אַפּעלסין אין האַנט און זיך צוגעהערט. מיט איינמאָל האָט זיך דאָס זינגען איבערגעריסן און פון קעלער איז אַרויס דאָס קליינע זינגערל. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און אים אַריינגעשפּאַרט דעם אַפּעלסין אין די הענט.

מאָרים איז צעטומלט געוואָרן.

— פאַרוואָס גיסטו דאָס מיר? — האָט ער געפרעגט.

— ווייל דו זינגסט גוט.

— און דו שפּילסט אויך גוט אויף דער פּיאַנאָ.

יענעם אָוונט האָט מאָרים געזונגען אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל ניט פריער, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ראָזעלע שטייט דאָרטן לעבן קעלער און הערט.

און פון דער צייט אָן זיינען די קינדער גרויסע פריינד געוואָרן.

ב.

איינמאָל האָט ראָזעלע גערופן מאָריסן צו זיך אין שטוב. זי וועט שפּילן, האָט זי געזאָגט ,אויף דער פּיאַנאָ און ער וועט זינגען.

— איך האָב מורא, מען וועט מיך פון דיין שטוב אַרויסטרייבן, — זאָגט מאָרים.

— ניט אמת, — מאַכט זי מיט זיכערקייט, — זיי וועלן דיך ניט אַרויסטרייבן! און אין שטוב איז איצט אויך קיינער ניטאָ.

איז ער אַוועק מיט איר.

זי האָט אים אַלע אירע פּרעזענטן געוויזן, וואָס מען האָט איר דאָס פּאַריקע יאָר צו איר געבורטסטאָג געגעבן. און בלומען האָט זי יענעם טאָג אויך געהאַט פיל, זייער פיל פון אירע חבר׳טעס, — האָט זי אים דערציילט, — און דעם קומענדיקן פינפטן יאַנואַר איז ווידער איר געבורטס־טאָג, וועט זי נייע פּרעזענטן קריגן...

נאָכדעם האָט זי זיך צו דער פּיאַנאָ געזעצט און אָנגע־הויבן שפּילן און ער האָט געזונגען.

אַרויס פון דאָרטן איז מאָרים מיט אַ נייעם געדאַנק. צו איר געבורטסטאָג וועט ער איר שענקען בלומען. ביז דעמאָלט איז מער פון אַ מאָנאַט. ער קריגט פון זיין טאַטן יעדן טאָג אַ פּעני, וועט ער קלייבן.

ווען עס איז געקומען דער פינפטער יאַנואַר, האָט מאָרים געהאַט אָנגעקליבן גאַנצע פינף און דרייסיק סענט. פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען פון שול ,איז ער אַוועק־געלאָפן אויף גרענד סטריט און האָט דאָרט פאַר דעם גאַנצן געלט געקויפט אַ בוקעט רויטע בלומען, האָט זיי פאָרזיכטיק באַהאַלטן אויף דער ברוסט אונטער דעם פאַרשפּיליעטן רעקל און איז אַוועק אַהיים.

באַלד איז אַריינגעקומען ראָזעלע און האָט אים אַ רוף געטאָן.

— וואָס ?

— קום, וועסטו עפּעס זען.

— ווער איז דאָרטן אין דער היים ?

— קיינער ניט... פּאַפּאַ און מאַמע זיינען אַוועק איינקויפן פאַר די געסט. קום, וואָס האָסטו מורא?

ג.

פירט ראָזעלע אים אַריין אין צימער און ווייזט אים אַלע פּרעזענטן און בלומען, וואָס זי האָט געקראָגן.

אויפן בעטל און אויף אַ שטול ליגן קעסטעלאַך און קאָסטנס מיט פאַרשידענע שפּילצייג, מיט היטעלאַך, מיט מאַנטעלאַך, מיט קליידעלאַך, און בלומען אַסך, זייער אַסך שענערע פון זיינע, רויטע און ווייסע.

— וואַרט, — מאַכט זי, — איך האָב דיר נאָך ניט אַלץ געוויזן! אין זאַל זיינען דאָ נאָך פּרעזענטן, וואַרט דאָ, איך וועל זיי אַהער ברענגען.

און זי איז ארויסגעלאָפן.

מאָריס האָט אַ טאַפּ געטאָן די בלומען ביי אים אויפן ברוסט און האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז זיי וועלן איר אודאי ניט געפעלן ווערן, ווען זי האָט אַזוי פיל שענערע; דאָך איז ביי אים געבליבן, אַז ווען זי וועט צוריק אַריינקומען, זאָל ער איר זיינע בלומען געבן...

פון קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט שטימען. מאָריס האָט זיך אומגעקוקט צעשראָקן.

אין צימער, וואו ער איז געשטאַנען, זיינען פּלוצלונג אַריינגעקומען ראָזעלעס פּאַפּאַ און מאַמע. זיי זיינען געבליבן שטיין פאַרוואונדערט און אָנגעקוקט מאָריסן.

— זע נאָר, וואָס טוט דאָ עפּעס דעם שוסטערס אינגל

אַליין אין צימער ? צי האָט ער עפּעס ניט צוגעלאַטכנט ? — האָט אויסגעשריען ראָזעלעס פֿאָטער.

— וואָס טוסטו דאָ, אינגעלע ? — האָט ראָזעלעס מאַמע אויך געפֿרעגט.

— גאָרנישט, — האָט מאָרים אַרויסגעמורמלט, אַ צעשראָקענער, ניט ווייסנדיק וואָס צו ענטפֿערן.

— זע נאָר, חנה, וואָס האַלט ער עפּעס דאָרט אונטערן רעקל ? — האָט זיך ראָזעלעס טאַטע צו אים אַ וואָרף געטאָן.

מאָריסקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ביי די בלומען אונטערן רעקל און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר. אָבער יענער האָט אים אָנגעכאַפּט, אַ שלעפּ געטאָן צו זיך און אַ ריס געטאָן מיט אַזאַ רציחה, אַז די קנעפּלאַך זיינען אויף אַלע זייטן אַרונטערגעפֿאַלן אויפֿן דיל.

— ווי איז מיר ! אַזאַ קליין אינגל און איז שוין אַ גנבֿ ! — האָט ראָזעלעס מאַמע מיט די הענט געבראָכן.

— איך האָב עס געקויפֿט, — האָט מאָריסקע געכליפּעט,

— איך האָב עס געקויפֿט.

— וואָס נאָך האָסטו גע׳גנבֿ׳עט, אינגעלע ? — איז צו אים ראָזעלעס מאַמע מיט אַ ווייך קול צוגעגאַנגען, — גיב בעסער אַליין אַוועק !

— גאָרנישט, גאָרנישט, איך בין ניט קיין גנבֿ, — האָט ער געכליפּעט.

— ווייז אַקאָרשט דיינע קעשענעס, חברה-מאַן ! — האָט ראָזעלעס טאַטע גענומען אים אַרומזוכן.

דאָ איז אַריינגעקומען ראָזעלע. זי איז געבליבן שטיין מיט צעשראָקענע אויגן.

— איך בין ניט קיין גנב! — האָט זיך אַ פאַרשטיקטער געוויין ביי מאָריסקען אַרויסגעריסן, — פרעגט אַפילו ראָזעלען.

— ראָזעלע, ווער האָט אים אַריינגעלאָזט צו דיר אין צימער? — האָט זיך אַ קער געטאָן צו איר דער פאָטער:
— ער האָט דיך באַ׳גנב׳עט. פון אונטערן רעקל האָב איך ביי אים אַ גאַנצן פּאַק בלומען אַרויסגעשלעפּט.

— ער האָט גע׳גנבעט? — האָט ראָזעלע אַרויסגעשעפּטשעט מיט שרעק, — ער?

און זי האָט מאָריסקען אַזוי אומעטיק אָנגעקוקט, און אין אירע אויגן האָבן טרערן געבלישטשעט.

— ניט אמת! — האָט מאָריסקע מיט געוויין זיך אַ כאַפּ געטאָן, — איך האָב עס געקויפט, איך בין ניט קיין גנב.
— בלומען האָסטו געקויפט? וואָס זאָגסטו אויף דעם קאַ־פּיטאַליסט? — האָט ראָזעס טאַטע בייז געלאַכט. און ער האָט אויסגעפּאַטשט מאָריסן און אים אַרויסגעטריבן פון שטוב.

מאָרים איז מיט אַ פאַרשטיקטן געוויין אַרוים פון ראָזעלעס הויז, איז אַריין אין פאַררויכערטן קעלער און איז פאַרשוואונדן הינטער דער שווארצער טיר.

ל. קאָברין.

# חנה׳לע

שטייען ביים טייכל פאַר׳חלומ׳ט
ביימער באַגאָסן מיט שיין.
חנה׳לע זיצט לעבן טייכל,
קוקט אינם וואַסער אַריין.

ערגעץ צעזינגט זיך אַ פויגל —
חנה׳לע חלומט און טראַכט;
נאָר אירע אייגעלאַך פינקלען,
שיינען ווי שטערן ביינאַכט.

חנה׳לע וויים, אַז דער פויגל
זינגט דאָס זיין לידל פאַר איר —
זיצט זי אַ שטילע ביים טייכל,
גיט זיך פון אָרט ניט אַ ריר.

לאַנג שוין דער פויגל אַנטשוויגן,
חנה׳לע הערט זיך נאָר איין...
דרימלט דאָס וואַסער אין טייכל,
דרימלען די ביימער אין שיין.

נחום י.

# דער טרוימער



ו ן דעם מדבר איז אמאָל געקומען אַ מאַן אין אַ גרויסער שטאָט אריין. ער איז געווען אַ טרוימער, און ער האָט גאָרניט געהאַט אויסער זיין מאַנטל און אַ שטעקן.

און ווי ער איז געגאַנגען איבער די גאַסן, האָט ער געקוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף די טעמפלען, טורעמס און פּאַלאַצן, ווייל די שטאָט איז געווען זעלטן שיין, און ער האָט יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט פאַרביי־גייער, און גערעדט צו זיי, און זיי אויסגעפרעגט וועגן דער שטאָט. נאָר זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען זיין שפּראַך, און ער האָט ניט פאַרשטאַנען זייער שפּראַך.

ארום מיטאָג־צייט איז ער שטיין געבליבן פאַר אַ גרויסן גאַסט־הויז. עס איז געווען געבויט פון געלן מירמעלשטיין, און מענטשן זיינען פריי און אומגעשטערט אריינגעגאַנגען און ארויסגעגאַנגען.

— דאָס מוז זיין אַ טעמפּל, — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, און איז אויך אריינגעגאַנגען.

ווי איבעררראשט איז ער אָבער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען אינעווייניק אַ וואונדערבאַרן, גרויסן זאַל, און מענטשן — מענער און פרויען — זיצן ארום טישלאַך, עסן און טרינקען און הערן זיך צו צו דער מוזיק.

— ניין, — האָט דער טרוימער געזאָגט, — זיי טוען ניט תפילה. דאָס מוז זיין אַ סעודה, וואָס דער פּרינץ האָט זיכער געמאַכט פאַרן פאָלק, פייערנדיק א גרויסע גע־שעעניש.

אין דער רגע איז צו אים צוגעגאַנגען אַ מאַן און האָט אים געלאַדן, ער זאָל זיך זעצן.

— דאָס איז זיכער אַ שקלאַף פונם פּרינץ, — האָט דער טרוימער געטראכט.

און מען האָט פאַר אים סערווירט פלייש און וויין און זיסע שפּייזן.

ווען ער האָט זיך אָנגעזעטיקט, האָט דער טרוימער זיך אויפגעהויבן און געוואָלט אַוועקגיין.

ביי דער טיר האָט אים אָפּגעשטעלט אַ מאַן. ער איז געווען הויך און געווען אָנגעטאָן אין אַ פּאַראַדנעם מונדיר.

— דאָס איז זיכער דער פּרינץ אַליין, — האָט דער טרוימער געטראכט ביי זיך, און ער האָט זיך געבוקט פאַר אים און אים געדאַנקט.

נאָכדעם האָט דער מאַן צו אים געזאָגט אין דער שפּראַך פון יענער שטאָט:

— הער, איר האָט ניט באצאָלט פאַרן מאָלצייט.

און דער טרוימער האָט ניט פאַרשטאַנען, און ער האָט אים נאָכאמאָל האַרציק געדאַנקט. דאַן האָט דער הויכער מאַן זיך בעסער צוגעקוקט צום טרוימער, און ער האָט געזען, אַז דאָס איז אַ פרעמדער, איינגעהילט אין אַן אָרימען מאַנטל. און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פרעמדער האָט ניט מיט

וואָס צו באַצאָלן פאַר דעם מאָלצייט, האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אַ האַנט אָן אַ האַנט און גערופן — און עס זיינען צוגעקומען פיר וואַכלייט. און ווען זיי האָבן אויסגעהערט דעם הויכן מאַן, האָבן זיי גענומען דעם טרוימער צווישן זיך, און זיי זיינען געווען צוויי אין איין זייט און צוויי אין דער צווייטער זייט פון אים. און דער טרוימער האָט באַטראַכט זייערע מונדירן און שטעלונג און ער האָט געקוקט אויף זיי מיט פרייד.

— דאָס זיינען הויכע באַאַמטע, — האָט דער טרוימער זיך געטראַכט.

און זיי זיינען געגאַנגען אַזוי צוזאַמען, ביז זיי זיינען געקומען צום געריכטהויז, און אַהין אַריינגעגאַנגען.

דאַן האָבן די וואַכלייט איבערגעגעבן דעם ריכטער די באַשולדיקונגען קעגן טרוימער; און דער ריכטער האָט אויסגעקליבן צוויי אַדוואָקאַטן, איינער זאָל פאַרברענגען די קלאַגע און דער צווייטער זאָל באַשיצן דעם פרעמדן. און די אַדוואָקאַטן האָבן זיך אויפגעהויבן איינער נאָכן צווייטן, און יעדערער האָט פאַרגעבראַכט די טענות. און דער טרוימער האָט ביי זיך געטראַכט:

„דאָס באַגריסט מען אים און מען נעמט אים אויף".

און דער ריכטער האָט אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז אויף אַ טאָוול זאָל אָנגעשריבן ווערן דאָס פאַרברעכן פון דעם פרעמדן און מען זאָל דאָס אים אויפהענגען אויפן האַלז, און מען זאָל אים לאָזן רייטן אויף אַ פערד דורך די גאַסן

פון דער שטאָט, און אַ טרומייטער און אַ פּויקער זאָלן גיין פאָרויס.

זיינען די איינוואוינער פון שטאָט זיך צונויפגעלאָפן, און זיי האָבן געלאַכט פון אים, און גאַנצע חברות קינדער זיינען נאָך אים נאָכגעלאָפן פון גאַס צו גאַס. און דעם טרוימערס האַרץ איז געווען איבערגעפולט מיט פרייד, וואָרים פאַר אים איז דער טאָוול געווען דער צייכן פון קיניגס ברכה, און די פּראָצעסיע — פון אָפּגעבן אים כבוד.

ווי ער איז אַזוי געריטן, האָט ער דערזען צווישן עולם אַ מאַן, וואָס איז געקומען פון דעם מדבר, ווי ער אַליין. ער האָט זיך זייער דערפרייט און אויסגעשריען צו יענעם:

— פריינד! פריינד! וואו זיינען מיר? איז דאָס ניט אַ שטאָט נאָך וועלכער דאָס האַרץ באַגערט? סאַראַ גאַסט־פריינדלאַכע באלאבאטים! — זיי מאכן אין זייערע פּאַלאַצן סעודות פאר דעם פארבייגייער; זייערע פּרינצן באַגלייטן אים; זייער קיניג הענגט אָן אן אויסצייכענונג אויף זיין ברוסט און עפנט אויף פאר אים די גאסטפריינדלאַכקייט פון א הימלישער שטאָט!

דער מאַן, וועמען ער האָט באגעגנט, וואס איז אויך געווען פון דער וויסטעניש, האָט ניט געענטפערט. ער האָט נאָר געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ. און די פּראָצע־סיע האָט זיך געצויגן ווייטער, און דער טרוימער האָט גע־האלטן הויך זיין קאָפּ און פון זיינע אויגן האָט ארויסגע־לויכטן א לויטערע פרייד.

קאַליל גיבראָן.

# א מעשה מיט א קו

יצחק משה יאָסלס
האָט אַ קו געקויפט ;
בענקט די קו צום דערפל —
נעמט זי און אַנטלויפט.

מאַכט רב יצחק קולות —
ווערט אַ ווילד געלויף ;
איז די גרעבלע זאַמדיק
הייבט אַ שטויב זיך אויף ;

וויקלט ער דאָס שטעטל,
דאַכט זיך, אַז ס'אַ רויך ;
טרובען די „פּאָזשאַרנעס"
מיטן גאַנצן כוח.

נעמען אידן שרייען :
ראַטעוועט, סע ברענט !
און די ווייבער קוויטשען,
ברעכן מיט די הענט.

שלעפּט שוין ווער אַ קופערט
פון זיין הויז אַרויס,
איינער כאַפּט אַ תורה
פון דער אַלטער קלויז.

און דעם עק פּאַריסן
לויפט די קו און לויפט ;
יצחק משה יאָסלס
האָט אַ קו געקויפט.

ז. וויינפּער.

# דער משכון



ין אַ שטאָט האָבן געוואוינט צוויי גוטע פריינד—מיראָם און קלעאָן. זיי האָבן זיך צוזאמען אויפגעהאָדעוועט, צוזאַמען געלערנט און שפּעטער צוזאמען אַרויסגעפאָרן איבער דער וועלט. איצט האָבן זיך ביידע באַזעצט אין איין און דערזעלבער שטאָט.

מיראָם האָט געהאט א פיינד, וואָס איז אויף אים געווען אין כעס. גייט דער פיינד און פאַר'מסר'ט אים פאר דעם קעניג אין שטאָט. האָט דער קעניג פאַר'משפּט מיראָמן צום טויט דורך אויפהענגען.

זאָגט מיראָם צום קעניג:

— איך בין אומשולדיק, נאָר דו גלייבסט מיר ניט; בין איך גרייט צו שטאַרבן. איין זאַך נאָר וויל איך ביי דיר בעטן: לאָז מיך אָפּ אויף דריי טעג, איך זאָל קאָנען גיין אין מיין געבורטשטאָט און זעגענען זיך מיט מיינע עלטערן.

— און ווער קאָן מיר ערב זיין, אז דו וועסט האַלטן וואָרט? — האָט דער קעניג מיט אַ געלעכטער געפרעגט.

— איך וועל בעטן מיין פריינד קלעאָן, וועט ער פאַר מיר אַ משכון זיין, — האָט מיראָם געענטפערט.

דער הערשטער האָט א טראַכט געטאָן און געזאָגט מיט א כיטרען שמייכל:

— רעכט, איך לאָז דיך אָפּ אויף דריי טעג, נאָר אויב

דו וועסט צו דער צייט ניט קומען צוריק אהער, וועל איך דיין פריינד טייטן אַנטשאָט דיך.

איז מיראָס אַוועק צו זיין פריינד און האָט געזאגט:

— מען האָט מיך פאַר׳משפּט צום טויט. איך וויל אָבער גיין אין מיין געבורטשטאָט נאָכאַמאָל זען זיך מיט מיינע עלטערן. בעט איך דיך, דו זאָלסט זיך לאָזן נעמען אין טורמע פאַר אן ערבֿ, אַז איך וועל זיך צו דער צייט צוריקקערן.

— מיט פאַרגעניגען, — האָט קלעאָן אַיינגעשטימט. ער האָט ארומגענומען מיראָסן געזעגנט זיך מיט אים און גע־לאָזט זיך פאַרשמידן אין קייטן און פאַרזעצן אין טורמע.

מיראָס האָט זיך גלייך אַוועקגעלאָזט אין זיין געבורט־שטאָט. זיינע עלטערן האָבן זיך זייער דערפרייט מיט אים. ער האָט פאַרבראַכט מיט זיי צוויי טעג און אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיי און געזאגט, אז ער וועט זיי איצט מסתמא לאַנג ניט זען. די מוטער האָט געוויינט, ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט אים, און דער פֿאָ־טער האָט אים אַרויסבאַגלייט פון שטאָט.

פּלוצלונג האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסער שטורעם. עס האָט אָנגעהויבן דונערן און בליצן. ס׳האָט א שמיץ געטאָן א רעגן. פון די בערג האָבן זיך אַ לאָז געטאָן שטראָמען וואַסער; דער טייך, וואָס האָט געפליסט איבערן וועג, איז פול געוואָרן און זיך פאַנאַנדערגעגאָסן. דאָס וואַסער האָט זיך געהויבן אַליץ העכער און האָט אַראָפּגעטראָגן די בריק.

מיראָס איז צוגעקומען צום ברעג — ערשט דער טייך האָט זיך אויפגעהויבן. ער האָט זיך געוואָרפן אהער, אהין,

געזוכט אַן אָרט, וואו מען קאָן אריבערגיין דעם טייך, גע־רופן צו הילף; נאָר אַלץ איז געווען אומזיסט. און קיין שיפל האָט זיך אויך ערגעץ ניט געזען. און דער טייך האָט גע־רוישט און געשטורעמט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

אין גרוים פאַרצווייפלונג האָט זיך מיראָם אַריינגע־וואָרפן אין וואַסער און אָנגעהויבן שווימען מיט אַלע כוחות, ראַנגלענדיק זיך מיטן שטורעמדיקן טייך. און אים איז גע־לונגען צו דערגרייכן דעם צווייטן ברעג.

ער האָט א ווײַלע אָפּגערוט און איז אוועקגעגאַנגען ווייטער.

ווען ער איז אָפּגעגאַנגען עטלאַכע טריט, זיינען אים אַנטקעגן אָנגעקומען גזלנים און אים געוואָלט טייטן.

— וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר? — האָט מיראָם אויסגעשריען, — איך האָב גאָרנישט. מער ווי דאָס לעבן האָב איך נישט, דאַרף איך עס, כדי צו ראַטעווען מיין פריינד פון טויט. האָט רחמנות אויף מיין חבר!

האָבן זיך די גזלנים פארשעמט און זיינען אָפּגעטראָטן, און מיראָם איז אוועק זיין וועג. ער איז געגאַנגען געשווינט. די זון האָט אים געברענט מיט שרעקלאַכער היץ; די לופט איז געווען שטיקנד; עס איז אין ערגעץ ניט געווען קיין שאָטן, און מיראָם איז געבליבן אָן כוחות. ער איז געפאַלן און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

פּלוצלונג האָט ער דערהערט, ווי אַ וואַסער פליסט ניט ווייט פון אים. ער איז קוים דערקראָכן צום נאָענטן בערגל און האָט דאָרט געפונען אַ זילבער־קלאָרן קוואל, וואָס האָט

געשלאָגן פון דער ערד. ער האָט זיך אָנגעטרונקען, אָפּגע־פרישט די כוחות און געשווינט אַוועק ווייטער.

פון די ביימער האָבן זיך אָנגעהויבן צו לייגן אויף די לאַנקעס אַלץ לענגערע שאָטנס.

צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן זיינען געגאַנגען איבערן וועג. מיראָם האָט זיי אָנגעיאָגט. פּלוצלונג דערהערט ער, ווי איינער פון זיי זאָגט צום אַנדערן:

— איצט מוז מען אים שוין אודאי הענגען.

פון שרעק, אַז זיין פריינד קאָן נאָך אומקומען, זיינען אַזוי ווי פליגלען אויסגעוואַקסן אויף מיראָם פיס...

און אָט איז ער שוין אין שטאָט. די שפּיצן פון די שטאָ־טישע טורעמס זיינען שוין געווען באַגולט מיט די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַנטקעגן מיראָסן איז אַרויס דער פאַרוואַלטער פון זיין פריינדס הויז.

— צוריק! — האָט ער געשריען צו מיראָסן, לויפנדיק אים אַנטקעגן, — דו האָסט שוין סאַי ווי פאַרשפּעטיקט. אַנטלויף! טראַכט נאָר וועגן דיין אייגענער רעטונג. ער האָט געהאָפט פון שעה אויף שעה, האָט אַלץ געוואַרט און ניט געגלויבט, אַז דו וועסט פאַרשפּעטיקן. מען האָט פון אים געלאַכט; מען האָט פאַרזיכערט, אַז דו ביסט א ליגנער, א פאַלשער, א פאַרעטער. אָבער קיינער האָט ניט געקאָנט צעשטערן זיין האָפענונג.

— אָ, אויב ס'איז שפּעט, — האָט מיראָם געזאָגט, — אויב מיין קומען קאָן שוין אים ניט ראַטעווען, וויל איך לפחות מיט אים אינאיינעם שטאַרבן.

און ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן.

די זון איז דערווייל שוין ארונטער. פֿון ווייטן האָט מיראָם שוין דערזען די תליה, וואָס איז אויפגעשטעלט גע־וואָרן אויפֿן שטאָט־פּלאַץ, און דעם עולם, וואָס האָט גערו־דערט ארום. ער האָט אויך דערזען, ווי מען פירט זיין פריינד און ווי מען הייבט אים מיט אַ שטריק אויף דער תליה.

מיראָם האָט זיך געמאַכט אַ וועג צווישן עולם און אָנגעהויבן שרייען :

— האַלט ! הענגט ניט ! אָט בין איך דאָ !

דער עולם האָט אַ ציטער געטאָן. און אין א ווײַלע ארום זיינען די פריינד איינעם דעם צווייטן געפאלן אויפֿן האַלז און געוויינט פאַר פרייד.

דאָס גאַנצע פאָלק האָט צוזאמען מיט זיי געוויינט.

און דאָס האַרץ פֿונם קעניג איז אויך ווייך געוואָרן. ער האָט געהייסן ברענגען פאר זיך ביידע פריינד און געזאָגט :

— איר וועט ביידע בלייבן לעבן. איצט זע איך ,אז ס׳איז דאָ פריינדשאַפט און אַז ס׳איז דאָ ערלאַכקייט. איך בין זיכער, מיראָם, אז דו ביסט אומשולדיק. און איר ביידע לאָזט מיך אויך ווערן אייער פריינד און געניסן פֿון אייער פריינדשאפט און געטרייקייט.

פּ. שילער.

# אַ געשלעג



ין אָונט האָבן אינגלאך פארשלעפּט אויף א ליידיקן „לאַט" אַן אַלטן מאַט־ראַץ, אים אונטערגעצונדן, זיך אויס־געשטעלט אין א שורה און געשפּרונ־גען איבען פייער. דאָס פייער איז גע־וואָרן אַלץ גרעסער, זיך פארגאנגען פון פייכטן מאַטראַץ מיט א געדיכטן רויך, געקנאַקט, אָפּגע־גאָסן די אינגלאך מיט א קופּערנעם שיין. די אינגלאַך האָבן געטאַנצט פון פרייד און געצייגט מיט די פינגער אויף די פייערדיקע שפּיצן:

— אָבער איצט, ווער וועט איצט אַריבערשפּרינגען?

— איך! — האָט אַ אינגל זיך אַרויסגערוקט, געמאַכט אויף צוריק עטלאַכע טריט, זיך אַ לאָז געטאָן. האָט דער פלאַם אים אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים אריין און אים צוריק־געהאַלטן.

— שפּרינג בעסער ניט! — האָבן אים עטלאַכע אינג־לאך אפּגערעדט, — די הויזן וועלן זיך ביי דיר אָנכאַפּן!

— דאגה׳עט ניט פאַר מיינע הויזן! — איז ס׳אינגל גע־וואָרן נאָך איינגעשפּארטער, ווען די חברה האָבן זיך אָנגע־הויבן וויצלען.

ער האָט זיך געהאלטן אין איין פארמעסטן, געמאכט דעם אָנשטעל, אז אָט שפּרינגט ער, און וואָס לענגער דאָס פארמעסטן זיך האָט געדויערט ,אַלץ שווערער איי ביי אים

געוואָרן דער מוט און ער איז געבליבן שטיין אויפן זעלבן פּלאַץ.

— איר ווייסט? — האָט איינער אַן עצה געגעבן, — אַז מ׳טוט זיך אָן נאַסע שמאַטעס, קען מען דורכגיין ס׳גרעסטע פייער.

— און ס׳שאַדט ניט?

— ער איז גערעכט! — האָט זיך א דריטער אָנגערופן, — כ׳האָב אַליין געזען, ווי אַ פייערלעשער האָט אויפן פּנים זיך אַרויפגעוואָרפן אַ נאַסע שמאַטע און ער איז אריין אין פייער. דאָס פייער האָט אזוי געפלאַקערט, אז מענטשן האָבן אַ בלאָק פון דערוויייטנס ניט געקענט אײַנשטיין!

צוויי אינגלאך האָבן געבראַכט אַ שטיין, אים צוגע־טראָגן צום פייער, אויפגעהויבן, מיטן גאַנצן כוח אים אַ שליידער געטאָן אין ברענענדיקן מאַטראַץ. טויזנטער פונ־קען האָבן זיך א שאָט געטאָן, געפאַלן אין דער נאכט, ווי שטערן. די אינגלאך האָבן זיך געשאָטן אין אַלע זייטן, גע־כאַפּט מיט די הענט די פונקען. דאָס פייער האָט זיך א הייב געטאָן, אויסגעוואקסן, ווי א זייל און ארום דעם זייל האָבן צעגליטע צינגלאך געלעקט דאָס ניט דערברענטע שטרוי.

דאָס אינגל, וואָס האָט אַן עצה געגעבן מע זאָל זיך אָנ־טאָן אַ נאַסע שמאַטע, האָט ערגעץ־וואו אויפגעזוכט אן אַלט קלייד, עס אײַנגעטונקט אין וואַסער, זיך אײַנגעהילט אין דעם פון קאָפּ ביז איבער די פיס, און איידער אימיצער האָט זיך געכאַפּט, איז ער שוין געווען אין פייער.

עס איז געוואָרן מיט אַמאָל שטיל. די אינגלאך זיינען

געבליבן שטיין אָן אָטעם, געזען, ווי די פלעמלאַך הילן זיך אַרום דעם קלייד, זיינען זיי זיכער געוואָרן, אַז דאָס אינגל ברענט. אינסטינקטיוו האָט יעדערער געכאַפּט וואָס ס׳איז אים געקומען אין דער האַנט אַריין, און גענומען לעשן דאָס פייער. דאָס אינגל איז דערווייל אַרויס, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס קלייד, וואָס האָט זיך געסמאַליעט און אַלץ אין אים האָט געשריען: „בין איך ניט קיין בריה?״

אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט, באַוואונדערט, און איי־נער האָט אַ פרעג געטאָן:

— עס האָט דיך דעמאָלט ניט געבריט?

אַ מאַמע איז אויסגעוואַקסן אויפן „לאַט״, גענומען רופן איר זונדל. די אינגלאַך האָבן זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז צייט צו גיין שלאָפן און איינציקווייז גענומען פאַרשווינדן.

דער מאַטראַץ האָט געברענט. עס איז געוואָרן אַלץ פינ־סטערער. די שמחה איז מיטאַמאָל ווי פאַרשטערט געוואָרן. די איבערגעבליבענע אינגלאַך האָבן זיך געזעצט אויף אַ שטיין, געקוקט ווי דאָס פייער ווערט אַלץ קלענער און געשוויגן.

— איר ווייסט, — האָט זיך איינער אָנגערופן, — אינ־דיאַנער, אַז זיי כאַפּן אַ ווייסן, צעלייגן זיי אַ פייער און בראָטן אים אָפּ.

זיי זיינען ניט קיין קריסטן, — האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן.

— אידן זיינען אויך ניט קיין קריסטן — האָט אַ דריי־טער אַריינגעוואָרפן.

— איך בין אַ איד, — האָט דאָס אינגל, וואָס איז דורכ־געגאַנגען ס׳פייער, זיך אָנגערופן און זיך איבערגעזעצט פון איין שטיין אויפן שטייטן.

— „שאַראַפּ, שיני!" —האָט זיך א גרעסער שייגעצל, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן, זיך אָפּגערופן.

— „אַי, וואַי, מאַי בעקי!"

— אַזוי רעדן אידן!

— שאַראַפּ אַליין!

— ווילסט זיך „פייטן"?

— און דו מיינסט, איך האָב מורא פאר דיר, דו?

— „קאָם אָן! — האָט דער שייגעץ אַראָפּגעוואָרפן ס׳רעקל.

— „אָל רייט!"

זיי זיינען ביידע אָפּגעשפּרונגען איינער פון צווייטן, געשטאַנען ווי צוויי הענער און זיך פאַרמאָסטן. די איבע־ריקע אינגלאך האָבן זיי ארומגערינגלט, געגעבן עצות, גע־רייצט דעם שייגעץ ער זאָל זיך אפּרעכענען און מיט אומ־געדולד געוואַרט דער „פייט" זאָל זיך אָנהייבן. די שלעגערס האָבן געטשאַטעוועט, שטייענדיק אויף אן אָרט, ארויסגע־שטעקט די הענט. אייב, דאָס אידישע אינגל, האָט זיך מיט אַמאָל אַ בייג געטאָן, מיט איין צי פון קערפּער געשטאַנען ביים שייגעץ און אים פאַרפּאָרן אונטער דער גאָמבע, אז יע־נער האָט אזש געמאכט עטלאכע טריט אויף צוריק. זיי זיי־נען געשפּרונגען איינער אנטקעגן צווייטן, און וואָס א פויסטל האָט זיך פאַרמאָסטן אין אַ פּנים אַריין, האָט עס תמיד גע־

טראָפּן אין א ליידיקן פּלאַץ. אייב האָט זיך געטשאַטעוועט דעם צווייטן אונטערן הארצן, האָט יענער זיך א בייג גע־טאָן, געוואָלט אויסמיידן דעם קלאַפּ — איז ער אים פּאר־פאָרן אין אן אויג. דער שייגעץ איז עטוואס צעטומלט גע־וואָרן, געזשמורעט מיט די אויגן, האָט אייב געהאלטן אין איין האמערן מיט די פויסטלאך, וואו ער האָט נאָר געטראָפן. א שייגעץ האָט אייבין אונטערגעשטעלט א פוס, האָט ער זיך א צי אוים געטאָן און ווען אייב האָט זיך געוואָלט אויפ־הייבן, האָט מען אים ניט געלאָזט, צוריק א שליידער געטאָן אָן דר'ערד, זיך ארומגענומען אין א ראָד, געטאַנצט, גע־שריען:

— „אַי, וואַי, מאַי!"

— אַלע אויף איינעם? — איז אונטערגעלאָפן א יונג, וואָס איז דורכגעגאנגען דעם „לאט" — שעמען מעגט איר זיך, „יו רעסקעלז!"

— איך בין גרייט צו „פייטן" יעדן איינעם פון זיי! — איז אייב אויפגעשפרונגען, זיך אָפּגעשאָקלט פון די קלעפּ און ס'האָט אים פארדראָסן, וואָס די שקאָצים צעלויפן זיך.

י. אָפּאַטאָשו.



# דער ווינט וואָס איז געווען אין כּעס

קלאָר־ווייס פּינקלט דער שניי אויף די פעלדער, בלוי איז דער הימל, און דער ווינט גייט אַזוי אַרום אַ פּאַרמאַטער־טער און זוכט אַן אָרט וואו זיך אָפּצורוען. דערזעט ער דאָרטן ווייט, וואו דער הימל גייט זיך צונויף מיטן פעלד, שטייט אַ דעמב. טראַכט זיך דער ווינט: „אונטערן דעמב וועל איך זיך לייגן אָפּרוען". האָט ער זיך קוים דערשלעפּט צו יענעם אָרט און אַזוי אָן כּוחות איז ער אַנידערגעפאַלן אונטערן דעמב.

— וואָס פאַר אַ חכם האָט זיך עס דאָרטן אַנידערגעלייגט? עס שטעכט מיר אַזוי אויך פון קעלט אין די שפּיץ וואָרצלען!

— זיי ניט אַזוי שלעכט, טייערער דעמב! איך בין אַן אַלטער ווינט, אַ גייער, היינטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אָדליגע, האָט מיר דאָרטן אַזוי פאַרכאַפּט דער אָטעם, אַז איך בין קוים אַנטלאָפן אין די פעלדער.

ענטפערט אים דער דעמב אַביסל שוין ווייכער:

— טייערער ווינט! ס'איז מיר איצטער זייער ניט גוט אויפן האַרצן. גראָד צו ווינטער צו בין איך געבליבן אַ נאַקעטער, אָן אַ שום בלאַט אויף די צווייגן און ווען איך זאָל ניט היטן די וואָרצלען אין דער ערד, ווער ווייס, צי וועל איך נאָך קענען אָפּלעבן אין פרילינג. גיי בעסער, טייערער, צו אַביסעלע ווייטער. דאָרטן ליגט ביים וועג אַ שטיין, וועסטו זיך אויף אים צוזעצן אָפּרוען.

גייט ער, גייט ער, ערשט ער דערזעט, ווי עס ליגט ביים

זייט פון וועג דער שטיין — אַ גרויסער און אַ שטומער. האָט ער זיך אויף אים צוגעזעצט, אריינגעלייגט די הענט אַן אַרבל אין אַן אַרבל און געוואָלט שוין אײַנדרעמלען. האָט דער שטיין דערפילט, אַז עמיצער זיצט ביי אים אויפן פּלייצע, דערלאַנגט ער אַ ברום ווי פון אונטער דער נאָז:

— ווער איז דאָרטען?

— איך.

— ווער איז דער „איך"?

— דאָס בין איך, אַן אַלטער ווינט, אַ גייער. היינטיקס יאָר האָב איך געוואָלט ווינטערן אין די שטעט, איז פּלוצלונג געוואָרן אַן אַדליגע, האָט מיר דאָרטן פאַרכאַפּט דער אָטעם אַזוי, אַז איך בין אַנטלאָפן אין די פעלדער, האָב איך געוואָלט זיך לייגן אָפּרוען אונטערן דעמב, האָט דער דעמב געזאָגט, אַז איך דריק אים צופיל אויף די וואָרצלען און זיינע וואָרצלען זיינען אים טייער ווי דאָס לעבן...

— וואָרצלען, שמאָרצלען! ...

דער שטיין האָט פיינט געהאַט אַלעמען, וואָס קאָנען גיין און דער ווינט האָט עס ניט געוואוסט.

גייט זיך דער ווינט אַזוי מיטן וועג, אַוודאַי אַ שעה צייט, און קיין כוח האָט ער שוין ניט. דערזעט ער, עס שטייט אַ גרויסע קרעטשמע מיט אַ גרויסן, רויטן גאַניק. טראַכט ער זיך: „איך וועל אַ פרעג טאָן ביים קרעטשמער, צי איך מעג זיך אָפּרוען ביי אים אויפן גאַניק". גייט ער צו צום טיר און קלאַפּט אָן:

— באַלעבאָס!

ענטפערט אים קיינער ניט, הייבט ער זיך שוין אָן בעטן מיט אַ וויינענדיקן קול:

— באַלעבאָס!

דאָס מאָל האָט מען אים אויך ניט געענטפערט. דער

קרעטשמער איז געלעגן אויפן אויוון און געשלאָפן. צום מארק אין שטאָט פאָרן דאָך די פויערים מאָנטיק, און דאָס איז געווען דינסטיק, האָט זיך דער קרעטשמער באַטראַכט:

— וויבאַלד אַז קיין דורכפאָרער זיינען סיי ווי דינסטיק ניטאָ וועל איך זיך גאָר לייגן אויפן אויוון שלאָפן.

עפנט אויף דער ווינט פאַמעלינקעס די טיר, שטעקט דעם קאָפּ אין שטוב אַריין, ער וויל אַ קוק טאָן, וואָס איז דאָרטן.

דערווייל האָט אויפן קרעטשמער געגומען בלאָזן א קאַל־טער ווינט אונטערן קאָלנער, איז ער אראפגעשפרונגען אוי־סער זיך פון אויוון מיט א געשריי:

— אי, ווי צו מיר ניט, אַ צוק־ווינט! די טיר איז אָפן!

דער ווינט האָט קוים ארויסגעכאַפּט דעם קאָפּ פון צווישן טיר, ער האָט גענומען לויפן אָן אַן אָטעם מיטן וועג און הינטער זיך הערט ער ווי דער קרעטשמער שרייט און שילט זיך.

דער ווינט איז אין כעס געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט. ער האָט גענומען בלאָזן מיט אלע כוחות. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן פייפן, בלאָזן און פייפן, פייפן און בלאָזן, און עס איז געווארן א זאווערוכע און עס איז געוואָרן א דרייעניש, און א פייפעניש, און א שרייעניש; און דער שניי האָט זיך גענומען דרייען און ווארפן און אזוי ווי ווייסע האַנטעכער וואָלטן ארומגעפליגן אין דער לופטן. און דער ווינט האָט אָנגעהויבן וויינען. דער ווינט האָט פארשאָטן אלע וועגן. די פורמאַנעס, וואָס זיינען געפאָרן אין וועג, האָבן אָפּגעשטעלט זייערע פערד. מע זעט ניט, וואוהין צו פאָרן. שטייענדיק ביי זייערע וועגענער סחורה, האָבן זיי אונטערגעשפרונגען, געקלאַפּט מיט די הענט אונטער די פאַכוועס און געוואונדערט זיך:

— סאַר אַ שטורעמווינט!
— סאַר אַ וויכער!
— קיינמאָל האָט נאָך ניט געטראָפן אַזאַ זאַווערוכע!

און אין ערגעץ אַ קליין אָרים שטיבעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים עק שטאָט, האָט געוואוינט אַן אָרימע פרוי מיט צוויי קינדערלאַך. דער ווינט האָט פאַרשטאָטן מיט שניי דאָס גאַנצע שטיבעלע. די קינדערלאַך האָבן זיך געטוליעט צו זייער מוטער: זיי האָבן זיך געשראָקן פאַרן ווינט. די מאַמע האָט זיי געגלעט איבער די קעפּעלאַך און געוואָלט איינשלעפערן, עס האָט אָבער געקלאַפט דער ווינט אין די פענסטער און ניט געלאָזן שלאָפן.

— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט קלאַפּן אַזוי אין די פענסטער!

דער ווינט איז געשטאַנען הינטערן וואַנט, ער האָט געהערט וואָס די קינדערלאַך פאָדערן פון זייער מאַמען, עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ, דער גוטער ווינט איז אָבער געווען אין כעס אויף דער וועלט.

— מאַמע, גיי בעט ביים ווינט, ער זאָל ניט וויינען אַזוי אין קוימען.

די מאַמע האָט אויף גיך אָנגעטאָן די פּאַטשיילע, זי האָט אויפגעעפנט די טיר פון פירהויז: עס איז פינסטער. האָט זי זיך אוועקגעשטעלט אויפ׳ן שוועל און געזאָגט אין דער פינסטערניש:

— ווינט, ווינט, הער אויף צו זיין אין כעס!

האָט איר דער ווינט ניט געהערט. ער האָט זיך נאָך מער צעבייזערט און אַ שאָט געגעבן דער מאַמען אין פנים אַריין אַ פולן הויפן שניי. האָט די מאַמע אָפּגעווישט דעם שניי פון פנים און געזאָגט צום ווינט אַ צווייטן מאָל:

— ווינט, גוטער ווינט, באַטראַכט דיך וואָס דו טוסט!
האָט איר דער ווינט דאָס מאָל אויך ניט געהערט, נאָר אין פּנים האָט ער שוין מיט שניי ניט געשאָטן.

האָט די מאַמע זיך דערמאָלט געווענדט צום ווינט מיט טרערן אין די אויגן:

— ווינט, טייערער ווינט, טו צוליב די קליינע קינדער־לאַך וועגן!

איז דער ווינט באַלד שטילער געוואָרן. דער שניי האָט ביסלאַכווייז אויפגעהערט צו שיטן. הינטער די ראָגן פון די שטיבער האָט זיך נאָך געהערט אַ פאַרשטיקטער געוויין, נאָר אַלץ שטיל און שטילער, ביז ער האָט אינגאַנצן אויפ־געהערט.

דער ווינט האָט זיך איבערגעבעטן...

משה קולבאַק.

